„עלטער אף א יאָר“ איז די ערשטע לידער־זאַמלונג אין ייִדיש פֿונעם טאַלאַנטפֿולן דיכטער דאָוויד בראָמבערג.

דאָ איז אײַנגעשלאָסן דאָס בעסטע פֿון דעם, וואָס ער האָט געשאַפֿן פֿאַר זײַן פֿיליאָריקער דיכטערישער טעטיקייט. בראָמבערגס לירישע לידער, פּאָעטישע נאָוועלן, מײַסעלעך אין פֿערזן זײַנען באַהויכט מיט א באַזונדער כּיין, וואָס איז אייגנטימלעך אים, דעם דיכטער, וועלכער קומט פֿון די טיפֿעניש פֿון פֿאָלק.

ד. בראָמבערג האָט א שאַרפֿן געפֿיל פֿאַר סאָציאַלע מאָטיוון, ער באַזינגט דעם פֿאָלקסמענטש, דעם האָרעפּאַשניק. אָפֿט קערט ער זיך אום צו די העלדישע און אויך טראַגישע געשעענישן פֿון די מילכאָמע־יאָרן. זײַן דיכטונג איז פֿול מיט גלויבן אין מענטשן, אין לעבן.



Б $\frac{70403-423}{083(02)-77}$ 299—77

מײַן מאמען, מײַן שװעסטער סאָרקען,
מײַן ברודער יאנקל און דער מומע כאנע־גאָלדע,
דערמאָרדעטע פון די פאשיסטישע קױלער, —
אָנשטאָט א מאצײװע.

## די ליד, וואָס איך האָב נאָך ניט אָנגעשריבן

ווען ס'ווערט די שטאָט פאַר קליין און גרויס א וויג,
ווען בלאָנד און גרײַז אין טיפן שלאָף זיך וויגן, —
איך הער: עס קלאפּט אין הארץ בא מיר די ליד,
וואָס איך האָב נאָך ניט אָנגעשריבן.

זי צינדט אין אויגן אָן א ליכט בא מיר,
ווען רונד ארום א שפּור פון שײַן ניטאָ שוין.
און צום פארשנייטן בייגעלע פאפיר
עס אײַלט, עס אײַלט, עס אײַלט מײַן מאמעלאָשן.

די ליד — אָט ווי א ווילדע כײַע טוט אף מיר א שפּאר,
אָט ווי א פּאווע ווייך זי פליט אראָפּ פון אויבן.
איך ליג, די אויגן, דאכט זיך, צוגעמאכט,
נאָר ביין, א גאנצע נאכט פארמאך איך ניט די אויגן...

ווען ס'ווערט די שטאָט פאַר קליין און גרויס א וויג,
ווען בלאָנד און גרײַז אין טיפן שלאָף זיך וויגן, —
איך הער: עס קלאפּט אין הארץ בא מיר די ליד,
וואָס איך האָב נאָך ניט אָנגעשריבן.

# צו מײַנע ערשטע לערער

גוטמאָרגן, מײַנע לערער,
א גוטמאָרגן!
איך אײַל צו אײַך צוגאסט.
כ׳זאָל נאָר באַוויַיזן...
ס׳איז הארבסט בא אונדז, ווי דאָרט בא אײַך, אין הײַסין,
די ביימער — שוין אף האלב אין גאָלד פארברענטע.
דאָס פינפטע צענדליק יאָר
עס בלעטערן זיך אָפּ די ביימער בא מײַן פענצטער.
און יעדעס בלעטל פאלט אי שווער, אי גרינג.
אין אויער אלץ דאָס אלטע שול־גלעקל — עס קלינגט און קלינגט...

פון בלעטער כ׳וועל צונויפשארן א הויפן,
דורך געסלעך שמאָלע וועל איך לויפן, לויפן,
און אויסזײַן ווו א הויף —
און וויסן, דאכט זיך, שוין אויך סוידעס אלע
און אָנהייבן צוריק
פון אלעף.

דאָס קרײַד, וואָס אויסגעשריבן האָט איר אף די טאָוולען,
האָט וויפל יאָר געקרישלט זיך און ווײַס געמאכט בא אײַך די קעפּ.
און איצט איז שפּעטער הארבסט:
פון ווײַסן קרײַד געוואָרן איז שוין אש.
און, דאכט זיך, ערשט ניט לאנג איר האָט געטוקט זיך אינעם
קינדער־ראש,

און הײַנט זײַט איר אין שטילקײַט שוין פֿארוואקסן.
איך ווייס:
דער גאנצער קויעך איז ארײַן אײַך אין די אקסל...

אָ, ערשטע לערער מײַנע,
גייט נאָך ניט אוועק.
לאָזט דעם זעקסטן צענדליק יאָר זיך אָנפּרעגן בא אײַך דעם וועג.
לאָזט א ביסעלע אײַך שווערער מאכן
סײַ מיט פֿרייד און סײַ מיט זאָרגן.
א גוטמאָרגן, מײַנע לערער,
א גוטמאָרגן!

## גוטסקײַט

כ׳בין די, וואָס יעדערער מיסטאַמע,
יאָ, יעדער איינער גלײַך דערקענט:
איך בין די אויגן בא דער מאַמען,
כ׳בין יעדער ריר פון אירע הענט.

איך בין דער שטענדיק צאַרטער שמייכל,
וואָס דרינגט אין יעדן האַרץ אַרײַן,
כ׳בין די, וואָס טויזנט מאָל איז מויכל
(אַמאָל כ׳קאָן אויך ניט מויכל זײַן).

און מעג דאָס שלעכטס שוין קערן וועלטן
און אָנבלאָזן אַמאָל אַ קעלט, —
איך בין די גוטסקײַט —
די, אַף וועלכער
עס שטייט און שטיין עס וועט די וועלט.

## מיט דער קינדהײט

כ׳וועל אופשטײן גאַנצפרי מיט דער ראַשטשינע,
ווען א בליץ וועט זיך כאסמענען איבער
מײַן הויז.
א באָרוועסער, א צעכראסטעטער
אין דרויסן וועל איך ארויס.

אין דעכער מיט טראָפּנדלעך־פינגער
וועט קלאפּן דער רעגן פויל.
מיט דאָרשט אונטער יעדער רינווע
אונטערשטעלן וועל איך דאָס מויל.

וועסט לאכן פון מיר, וועל איך לאכן,
לאכן פון זיך אליין.
כ׳וועל דיר זאָגן — פון אלע זאכן
די קינדהײַט איז מאָלע־כיין.

# ס׳וועט מאָרגן זײַן א שײנער טאָג

ניט עס גליט און ניט עס ברענט —
דער הייסער טאָג, ער גייט צו ענד,
ער קריכט פארבלענדט אין רויטע הענט,
עס ווערט די שוועל אין גאָלד פארברענט,
נאָר דאָ אפסנײַ עס הענגט א זון:
מע גיסט דאָ שטאָל, מע שמעלצט טשוהון.
אין צעכן רוישט. דו קוקסט ארויס:
מע דעקט א דאך. די שטוב איז גרויס.
א טראקטאָר ווײַט צעאקערט ערד.
און בלוי און גרוי און טונקלער ווערט,
און גליקלעך קינדער שלאָפן אײַן...
בלויז דאָ אין צעך איז העל די שײַן
אין אלע שויבן, ווי באטאָג.
ס׳וועט מאָרגן זײַן א שײנער טאָג.

# עלטער אף א יאָר

דער זומער פֿאָרט אוועק שוין,
דער זומער פֿאָרט אוועק שוין.
עס ווערן קליין די טעג שוין,
עס ווערן קליין די טעג שוין.
די זון זיך אָפּט באַהאַלט,
צו נאַכט־צו ווערט שוין קאַלט.

דער האַרבסט אָט־אָט וועט קומען,
דער האַרבסט אָט־אָט וועט קומען
מיט ווינטן, וועלכע ברומען,
מיט ווינטן, וועלכע ברומען,
מיט רעגנס אָן אַן עק,
וואָס זײַנען שוין אין וועג.

דער ווינטער קומט צו לויפֿן,
דער ווינטער קומט צו לויפֿן
מיט שנײ מיט גאַנצע הויפֿנס,
מיט שנײ מיט גאַנצע הויפֿנס,
מיט קנאַקעדיקע פֿרעסט,
וואָס זײַנען אָפּטע געסט.

אָ־אָ, מיט פֿרילינג שמעקט שוין,
אָ־אָ, מיט פֿרילינג שמעקט שוין.

דער ווינטער גייט אוועק שוין,
דער ווינטער גייט אוועק שוין.
עס שטייען העלע טעג,
דער טײַך זיך שלאָגט אין ברעג.

און זע נאָר, זומער ווידער,
און זע נאָר, זומער ווידער.
א פרייד אין אלע גלידער,
א פרייד אין אלע גלידער.
און פלוצעם נא דיר גאָר,
ביסט עלטער מיט א יאָר!

# טײַערע שטײנער

בריליאַנטן פֿיל אין לעבן זײַנס ער האָט געזען,
און יעדנס וואָג געוווּסט, זײַן פּרײַז, זײַן ווערט.
נאָר ווען ער איז אין בלוט געלעגן אויף דער ערד,
און מערדער האָבן, זעענדיק דעם ווי זײַנעם, געשמייכלט —
האָט ער געטראַכט: די עכטע פּרײַז פֿון שטיינער האָט ער
דאָך פֿאַרזען,
ווײַל טײַערער פֿון אַלע איז אַ פּראָסטער שטיין,
וואָס קאָן צעשפּאַלטן זיי די קעפּ, זיי אויסהאַקן די ציין, —
פֿון דעם געביין זייערן נישט בלײַבן זאָל קיין זייכער.

אַצינד ער גייט פֿאַרבײַ די גאַס, וואָס שיין איז, גרויס,
און זעט זײַן זון — ער שטייט אָט דאָרטן אין דער הויף,
און שטיין צו שטיין ער לייגט אַ גלײַך, אַ פֿלינק מיט סייכל,
„אַזעלכע שטיינער זײַנען טײַערער פֿון דימענטן“, — דער
טאַטע שמייכלט.

## צען פינגער

בלויז אף גוטס צו טאָן איר זײַט באַשאַפֿן,
און אין דעם איז אײַער גרויסע ווערט.
האָרעוועדיקע, זײַט איר ניט קיין שקלאַפֿן,
איר זײַט באַלעבאַטים פון דער ערד.

און דורך אײַך דערקענט מען גלײַך דעם מענטשן
און זײַן פּרײַז, וואָס מעסט זיך ניט מיט געלט.
צען גיבורים, צען ליכט געבענטשטע,
איר מאַכט ליכטיק אונדזער וועלט!

# פון וואָס זײַנען געמאכט
# מײַן מאמעס הענט...

מײַן מאמעס הענט.
פון וואָס זײַנען געמאכט מײַן מאמעס הענט,
די האַרע הענט מיט אָדערלעך צעאַקערטע ביז גרונט? —
גענוג, זיי זאָלן צורירן זיך צו א וואַנט,
און עס פאַרשווינדט דער ווײ, וואָס בריט, וואָס ברענט.
מײַן מאמעס הענט...

און טיילן זיי דאָס שטיקל ברויט, דאָס האַרטע, פונקט ווי שטיין, —
זיי שנײַדן דען דאָס ברויט? זיי שנײַדן זיך אַליין,
און יעדער ביסן — זויער־זיס, באַם האַרצן אַזש ער נעמט.
מײַן מאמעס הענט.
פון וואָס זײַנען געמאכט מײַן מאמעס הענט?

די שטענדיק האַרעווענדיקע, שטענדיק פאַרענדיקע הענט,
בא יעדן אָך־און־בראָך
זיי וואָלטן אונטערלייגן זיך געקענט —
מײַן מאמעס הענט.
פון וואָס זײַנען געמאכט מײַן מאמעס הענט?

# מײַן מאַמעס פּיפּאַלעקעס

מײַן מאַמעס פּיפּאַלעקעס,
זיי ליגן ביז איצט מיר אין טאָם,
דער מאַמעס פּיפּאַלעקעס...
גלײַך פֿונעם אויוון,
נאָך הייסע,
פֿאַרבּיטעטע,
ערשט פֿונעם פֿלאַם.

גאָט מײַנער, ניטאָ שוין די מאַמע,
ניטאָ אירע װאַרעמע הענט,
פֿון איר שטוב ניט פֿאַרבליבן קיין װענט,
קיין זייכער אַפֿילע, קיין צאַם.

און איך —
איך קאָן ניט פֿאַרגעסן דעם טאַם
פֿון דער מאַמעס פּיפּאַלעקעס
נאָך הייסע,
פֿאַרבּיטעטע,
גלײַך פֿונעם אויוון,
ערשט פֿונעם פֿלאַם,
מײַן מאַמעס פּיפּאַלעקעס...

# וואָס אמאָל איז געווען

1

גייט די מאַמע קויפן ברויט,
האָט זי איין מאַטבייע — די נויט.

קיין אײַנהאָרע בא איר אין דער היים
אכט מײַלער, שארפע ציין.

זאָגט דער קרעמער: דוווירע־לייע,
כ׳קאָן ניט צעבײַטן אײַך די מאַטבייע.

גייט זי, די מאַמע, פון פּלויט צו פּלויט —
זוכט, ס׳זאָל איר עמעץ צעבײַטן די נויט.

די זון פארגייט. טיר־און־טויער פארהאַקט,
אכט קינדער עסן אין כאָלעם געשמאַק...

2

ווילן די קינדער גיין אין גאַס,
גיסט א רעגן, ווי פון א פאַס.

ס׳איז אפן הארצן דער מאמען ניט זיס:
צוויי פאָר שיך און אכט פאָר פיס.

אכט פאָר פיס און צוויי פאָר שיך —
אלע שרײַען: איך... איך... איך...

און אין דרויסן איז בלאָטיק, נאס,
קינדער וויינען: אין גאס! אין גאס!

# די וויגליד

די דאָזיקע ליד שטאַמט פונוואַנען?
צי וועט קומען א סאָף ווען צו איר?
דײַן באָבע האָט זי געזונגען דײַן מאַמען,
און דײַן מאַמע האָט געזונגען זי דיר.

און דו — דײַנע קינדער, און יענע
וועלן זינגען פאַר די קינדער זי אויך.
און די ליד — זי האָט ניט קיין ענדע,
און די ליד — זי לאָזט זיך ניט אויס.

מע זינגט זי געצוימט און פאַרצויגן,
סײַ שטיל און סײַ אויף א קאָל.
מיט טרערן אַמאָל אין די אויגן,
מיט טרוקענע אויגן אַמאָל.

# דײַן ערשטער ווינטער

דער ערשטער שניי, דער ערשטער ווינטער.
דײַן סאַמע ערשטער יאָרן־קרײַז,
ס'איז ווײַס אין הייך און ווײַס אַהינטער,
אַרום איז ווײַס — די וועלט איז ווײַס...

צי וועט די ריינקײַט ווײַט זיך שפּרייטן
און ציִען לאַנג איר ווײַס געשפּין?
די גאַנצע צײַט דיך, קינד, באַגלייטן,
מיט דיר ניט שיידן זיך, מײַן קינד?

צי וועט די קלאָרקײַט איבערבלײַבן
אויף דײַן געדרייטן, לאַנגן וועג,
צי אין דעם שניי וועט זיך פאַרקלײַבן
אַ טונקלער שאָטן פון אַ פלעק?

פון אויג דײַן שליטעלע פאַרשווינדט שוין,
באַם האָריזאָנט זײַן שפּור צערינט.
ס'איז ווײַס אין הייך און ווײַס אַהינטער.
אַ גוטן שליטוועגס דיר, מײַן קינד!

# דאָס וואָלקנדל

פון קאַיאַר אַ וואָלקנדל, ווי רויך,
האָט געצויגן שנעל זיך אין דער הויך.

העכער, העכער! — האָט דאָס וואָלקנדל
געקלערט,
ווײַל וואָס העכער — גרעסער איז די ווערט.

און די ערד, צעטריקנט און פאַרדאַרט,
וואַרט אויף רעגן, וואַרט — זיך ניט דערוואַרט...

און צו אָוונט — גרוי שוין איצט און שווער —
שווימט צוריק דער וואָלקן צו דער ערד.

ווי אַ קינד, וואָס ערשט מע האָט אַנטוווינט,
האָט דער וואָלקן, דאכט זיך, גאָר געוויינט.

זיפט זיך שוין אַ רעגנדל אויף דר'ערד,
און עס ווייסט אַליין גאָרניט זײַן ווערט...

## פארבן

די פארבן לעבן שטיל אונטער איין דאך,
פון אייגענעם קאָליר זיי ווייסן גאָר אליין ניט.
ווען איינע ברענט, ווען פֿײַער שלאָגט פון איינער,
איר שכיינע איז א וועל אף יאמיש־בלויער פלאך.

דער דריטער, מינאסטאם, זיך כאָלעמט גרינס און גרינס,
מיר דוכט, א וואלד עס האָט געגומען זשומען.
און אין דעם מויל עס ווערט מיר זויער־זיס,
און טערפקע פון דער פארב עס ווערט מיר אפן גומען.

און איינע צווישן זיי — כאָטש כ׳זע אין אלץ זי שײַנען,
ארײַן איז אין דעם קרעפּ, און אויגן — שוין פארמאכט...
ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, פאר קיינעם ניט געדאכט, —
איך ווינטש עס ניט דעם ערגסטן סוינע מײַנעם...

* * *

ווי די יאָרן זאָלן מיך ניט פארבן
און דאָס לעבן ניט פארוואַרפן מיך וווהין, —
ביזן לעצטן אָטעם, ביז כ׳וועל שטארבן,
בלײַבן וועל איך דער, וועלכער איך בין.

ס׳זאָל א פרײַנט פון ווײַט, ווי נאָר דערזען מיך,
גלײַך זײַן האַנט מיר אויסשטרעקן מיט פרייד,
און אַן אומפרײַנט — פאַר א מײַל דערקענען מיך
און א ציטער געבן שטילערהייט...

## ס׳קער ווי טאָן דאָס הארץ אים

כאָטש א רעגע אליין א טראכט טאָן —
עס ברויזט, אָן א סאָף, דער יאם.
די כוואליעס אין פעלדזן הארטע
שלאָגן זיך קאָפּ אין וואנט.

פונקט ווי אָפּגעטאָן וואָלטן זיי איר שפּיצלעך,
געכויזעקט פון איר, געשפּאסט, —
זיי צעברעכן די לעוואָנע אף פּיק־פּיצלעך
און שלײַדערן ארויס זי פאר קאס.

נאָר גאנצפרי גייט ער אָפּ, ווי א מאמע,
ס׳קער ווי טאָן דאָס הארץ אים געוויס
פאר שטיינדעלעך יענע, מיסטאמע,
וואָס ער האָט פארוואָרפן אומזיסט...

* * *

אראָפּ א ווינטער פון די פּלייצעס,
און ווידער זוניק־העל דער טאָג,
און ווידער ריטשקעלעך עס פּלייצן,
און פריילעך פלאפּלען לעבן ראָג.

דער לעצטער שניי צעגייט, צערינט שוין,
דער הימל טיף אזוי און קלאָר.
און בלויז דער שניי פון יענעם ווינטער
וועט ניט צעגיין אין מיינע האָר...

# דעם לאמטערן

א מאזל בא דיר: ווי נאָר פינצטער עס ווערט,
דארפסטו שײַן פֿאר עמעצן טראָגן.
און ווען עס איז ליכטיק, דו בלײַבסט ניט באמערקט
און קײנער עס דארף דיך ניט האָבן.

2*

# שטערן

העלער שטערן, שטערן מײַן,
שענק א טראָפּן פון דײַן שײַן.

אויב איך קען פון דעם ניט קלערן —
זײַן, ווי דו, א גרויסער שטערן,

וואָלט איך וועלן, ס׳זאָל מײַן שײַן
כאָטש פון דיר א שפּליטער זײַן...

* * *

א מאמעס טרערן זײַנען ריין, ווי גאָלד, און בלוטיק, ניט געדאַכט.
זיי לײַכטן סײַ באַטאָג און סײַ באַנאַכט.

זיי לײַכטן, ווען איר קינד איז קראַנק און ציטערט אין איר שויס,
און ווען איר קינד איז גרויס, און ווען זי גיט עס אויס.

און ווען איר זון אין קריג באַגלייט זי, ווען אף אים זי וואַרט,
און ווען ער קומט און ווען ער קומט ניט פֿון דער שלאַכט...

* * *

אהין, ווּ בלוי און גרוי זיך מישן אויס אײַנײַנעם,
עס ציִען פייגל, מײַדן הויכע טורעמס,
און שטרענגע געאָמעטרישע פיגורעס
זיי שרײַבן אָן אין הימל אינעם ריינעם.

אף זייערע העלדזער — העלע רעגנבויגנס ציטערן,
די אויגן — פול מיט זון און פינקלען ווי די רענדלעך,
און פרישער טוי, ניט אויסגעטריקנט אף די ליפּן נאָך,
זיי נעמען מיט אין ווײַטע לענדער.

און איבערלאָזן בעסטן אָפּענע עס איז זיי שווער.
כאָטש דאָס וועט שפּעטער צוגעבן זיי קויכעס אף די וועגן,
ווען זיי אזא מעהאלעך וועלן דארפן דעקן,
קערנדיק זיך נאָכאמאָל אהער...

# מאזל

דו זוכסט עס דאָ, און זוכסט עס דאָרטן,
דײַן מאזל זוכסט — און גרוי דו ווערסט.
דיר דאכט אַמאָל: ס׳א שפּיל אין קאָרטן,
אָט איז באַשערט, אָט — ניט באַשערט.

אמאָל דיר דאכט: ביסט א שלימאזל,
דו זוכסט עס דאָ, ווען דאָרט עס בלענדט!
נאָר ס׳מאזל, מענטש, דײַן אייגן מאזל,
איז דאָך בא דיר אין דײַנע הענט.

# דער ערשטער שניי

דער ערשטער שניי, דער ערשטער שניי,
דו אײַל זיך ניט און ניט צעגיי.

און שיט אפסנײַ, און שיט באַנײַס.
און קוקט ניט, וואָס מײַן קאָפּ איז ווײַס,

דערשטוינט, פֿארכידעשט כ׳גיי און גיי
אף ערשטן שניי, אף ערשטן שניי.

א פערציק יאָר, צי עפּשער מער
האָט צוגעגאַנגען — כ׳ווייס ניט ווער.

אין אויג עס העלט, אין אויער קלינגט,
און טיף אין הארצן עפּעס זינגט.

פון הינטער בארג איך הער פון ווײַט
מײַן זון — ער רופט, מײַן זון — ער שרײַט.

און זײַן געשריי איז מײַן געשריי —
דער ערשטער שניי, דער ערשטער שניי.

## זיבן פארבן

עס זײַנען ריטשקעלעך ארויס, ווי פון א פראָסט,
און יעדעס ריטשקעלע — עס האָט א ביסל בלאָווס
און ליטערקײַט פון הימל אויסגעזויגן,
און טויבן האָבן גרינג די פליגל שוין צעלאָזט,
די העלדזער אײַנגעטונקען אינעם רעגנבויגן.

די ריטשקעלעך, די טויבן — ביזן שטארבן
זיי וועלן אומטראָגן די ריינע זיבן פארבן.

# דאָס האַרץ

איין האַרץ,
אינגאַנצן איין האַרץ באַ דיר,
און אומעטום מוז עס זײַן,
און פון אַלצדינג, דאַכט זיך, דאַרף עס וויסן —
כאָטש ווער צעריסן...

בויט מען אַ שטוב — דאַרף עס דאָרט זײַן,
טאָג־אויס און טאָג־איין
לעם דעם קינד באַ דער וויג מוז עס זײַן,
און באַם קאָסמאָנאַווט און אין דער הימלשער הויך,
און אין טיף פון דער שאַכטע — אויך.
האָט אַ כײַע ערגעץ אַ כײַע צעריסן,
דאַרף עס אויך וויסן...

איין האַרץ,
און אין טונקל, און אין שײַן —
אומעטום דאַרף עס זײַן,
אומעטום מוז עס באַווײַזן,
און אויב עס צערײַסט זיך ניט אַמאָל,
דאַרף עס טאַקע זײַן
שטאַרקער פון אײַזן.

## מאמעס

געקומען איז די מאַמע צו דער טאָכטער. אויס די ווייען,
דאַכט זיך, ס'איז שוין דאָ מיט וואָס זיך פרייען:

אף דער מאַמעס הענט דער טאָכטערס ערשטלינג,
אף דער באָבעס הענט דאָס אייניקל דאָס ערשטע.

לאַכט די טאָכטער, לאַכט די מאַמע, נאַכעס פילנדיק,
און אַ טרער אין אויג באַווייזט זיך גאָר ניט ווילנדיק:

מאַמעס בלייבן מאַמעס, און פון אַלע זאַכן —
מאַמעס מערער וויינען, איידער לאַכן...

# מײַנע קינדער

דעם עלטערן איז אכט,
דעם קלענערן איז זעקס ניט לאַנג געוואָרן.
ווי גיך, ווי גיך זײ לויפן עס, די יאָרן...

אַט האכט זיך, ערשט געפויזעט כ׳האָב אַף אַלע פיר,
די ביקס אין האנט פּארפרעסט — דעם פײַנט מיט איר צו פלעטן.
אצינד איז שטיל און נאכט,
אף רײנע בעטן
עס ליגן מײַנע קינדער לעבן מיר.

די אויגן אין דער פינצטער, ווי די שטערן.
— דערצײל, דערצײל, — זײ ווילן הערן.

...און ס׳קומט אהער א גוואר — קאַטאָווסקי אפן פערד,
און ס׳טוט א בלענד אזוי בודיאָניס שווערד,
און דאָרטן — ווײַט און ווײַטער —
עס פליִען דורך אפסנײַ טשאפּײַעווס רײַטער,
ווי פײַל פון בויגן —
און יעדע טלאָ קלאפט פונקען אויס בא מײַנע קינדער אין די אויגן!

נאָר קינדער בלײַבן קינדער — דערצײל א גאנצע נאכט, זײ וועלן הערן.
זײ ווילן ניט אנשלאָפן ווערן...

און איך דערמאָן זיך אין אַ שפּעטער אָסיען־נאַכט:
אַ בריק, אַ טײַך אין דינעם גלאָז פאַרצויגן...
ווען איך דערצייל די קינדער פון אָט יענער שלאַכט —
באַם האַרצן קילט, און ס׳שווינדלט אין די אויגן.

עס פליען מינעס אום מעשונע־ווילד,
אָט ברענט די בריק און פאַלט אין טײַך, אין מיטן...
די קינדער נײַגעריק מיט קאַשעס מיך פאַרשיטן,
און פאַר די אויגן שטייט פאַר זיי דאָס בילד.

— דערצייל, צי ס׳איז דער זעלנער ניט געבליבן דאָרט אין טײַך, —
די הערצער קלאַפּן האַסטיקער, געשווינדער, —
דערצייל, צי דער סאָלדאַט דערשווומען איז צו אײַך,
צי האָסטו אים געזען, און ווו ער איז אצינדער?..

— ער לעבט, נו יאָ (איך בייזער זיך) — שוין שפּעט, שלאָפט אײַן! —
אַך, גיי דערצייל זיי, מײַנע שנעק — די קינדער,
אַז ווען אָט יענער זעלנער וואָלט ניט זײַן, —
זיי וואָלטן אַף דער וועלט ניט זײַן אצינדער...

## כויוועס

כויוועס, כויוועס... וויפל כויוועס,
ס'דאכט, ביסט שולדיק גאָר דער וועלט:
סײַ די שכייניִם, סײַ די קרויווים,
און גאַנץ אָפּט — מעזומען געלט.

דו באַצאָלט האָסט שוין מיסטאַמע, —
און עס איז געוויס באַגרינד'ט —
סײַ דעם כויוו פֿאַר טאַטע־מאַמע,
סײַ דעם כויוו פֿאַר אייגן קינד.

נאָר וווּהין זאָלסט זיך ניט קערן,
אַלעמאָל, טאָג־אײַן, טאָג־אויס,
ווײַטער טראָגסט דעם אָל דעם שווערן
פֿון דעם כויוו, וואָס ווערט ניט אויס.

# ברויט

אז דו ביסט הייליק, קענסט אליין ניט וויסן,
נאָר מיר פון קינדווייַז איז עס שוין באקענט:
איידער כ׳נעם אין מויל אריַין דעם ביסן,
דארף איך פריִער וואשן זיך די הענט.

# דײַן אײביקער קרעדיטאָר

פֿון אַלע קרעדיטאָרן אױף דער װעלט קאָן מען זיך אױסבאַהאַלטן,
נאָר פֿון אײנעם
װעסטו זיך ניט אױסבאַהאַלטן קײנמאָל:
ער גײט דיר נאָך פֿוסטריט,
אומעגלעך איז אים אױסצומײַדן.
ביסט שטענדיק זײַן באַלכױװ,
און אײביק װעסטו אַ באַלכױװ אים בלײַבן.
און ער —
יעדע רעגע ניט פֿאַרגעסט, אין כױװ זײַנעם דערמאָנט.
ער מאָנט, ער שרײַט,
דער אײביקער קרעדיטאָר דײַנער — די צײַט!

# זאַלץ

עס טרעפט, אויפן טיש איז דאָ אַלץ,
געקאָכטס און געבראָטנס און פרישע מאַראַנצן,
און פּלוצעם דו כאַפּסט זיך — עס פעלט דיר אויס זאַלץ,
דאַכט זיך וואָס, אַ קאַפּעלע זאַלץ אינגאַנצן.

באַשערט איז אין לעבן סײַ ווארעמס, סײַ קאַלטס.
אַלץ דאַרף מען דורכגיין און אַלץ דאַרף מען וויסן.
ווען דער מענטש זאָל ניט פילן דעם טעם פון זאַלץ,
וואָלט ער קיינמאָל ניט פילן דעם טעם פון זיסן.

# ליבע

זי האָט געזען אים בלויז איין מאָל, ניט מער,
זי ווייסט אליין ניט, וואָס מיט איר עס האָט געטראָפן.
דאָס הארץ האָט אָנגעהויבן שלאָגן שווער,
א גאנצע נאכט זי ליגט און קאָן ניט שלאָפן.

איז זי געשטאנען לעבן אויוון, ווו עס האָט געברענט,
האָט זי געזען אין סאמע פײַער זײַנע אויגן.
האָט זי געוואשן גרעט, האָט איר געפעלט זײַן העמד.
פון ברונעם האָט זי זײַן געשטאַלט ארויסגעצויגן.

און איינמאָל, אף דער גאס, ער האָט איר בליק פארבלענדט,
נאָר זי האָט צניעסדיק דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן.
געוואָלט עס האָט זיך איר ארײַנקוקן אין זײַנע אויגן,
געוואָלט, און עפּעס ניט געקענט...

# א יאם־עלעגיע

אנטלױפֿן איך האָב אױף אַ כװידעש, ניט מער,
מײַנע אױגן אנטלױפֿן דעם יאם דעם שװאַרצן,
און אַן אינדזעלע ערד, װאָס ליגט נאָענט באַם
הארצן,
איז אױסגערונען פֿון אױג װי אַ טרער.

פֿון טיף פֿון נעשאָמע דערטראָגט זיך, איך הער,
א געװײן װי פֿון מױער־קעפֿלעך דאָס װײנען,
אלע בריװ דײַנע ליגן לעבן מיר, װי שטײנער,
װאָס דער יאם האָט אַרױסגעװאָרפֿן שװער.

דערטרונקען און ניט דערטרונקען איך װער,
די כװאַליעס — זײ שלאָגן זיך אָן אין האַרצן.
אנטלױפֿן איך האָב אױף אַ כװידעש, ניט מער,
מײַנע אױגן אנטלױפֿן דעם יאם דעם שװאַרצן.

# אָנהייב

א שניי, א פראָסט א רעכטער,
איך גיי צו דיר, איך גיי.
כ׳וועל נעמען דײַן געלעכטער
און אָנצינדן דעם שניי.

און פונקען וועלן שפּריצן,
ברילִיאַנטן — האלב אומזיסט.
א סקריפּענדיקער, היציקער —
דער פראָסט אונטער די פיס.

און לאַנג אף מײַנע ליפּן
וועט שטיין און ניט צעגיין
דער אָנזאָג פון דײַן ליבע —
דער שניי פון דײַנע ציין.

# מיט וואָס?

גאָט מײַנער, מיט וואָס איז זי מיר אַזוי געפֿעלן?
האָט זיך, ווי בײַ טויזנט אַנדערע די זעלבע האָר די העלע,

די אויגן ווי בײַ דער און ווי בײַ יענער,
דאָס מויל — פּונקט ווי בײַ אַנדערע, ניט שענער,

די ליפּן, ווי בײַ אַ דריטער און אַ פערטער,
און ווי בײַ טויזנט מיידלעך — דער געלעכטער,

און פּונקט אַזעלכע ציין, און פּונקט אַזאַ מין כיין,
און וויפֿל יאָר איך קען אַלץ ניט פֿאַרשטיין,

און זיך אַליין כ'טו אַלעמאָל די פֿראַגע שטעלן:
מיט וואָס זשע פּאָרט איז זי נאָר איינע מיר געפֿעלן?

# באלאדע

ס׳איז קורץ מיר דער טאָג, און ס׳איז לאַנג
מיר די נאַכט.
איך פֿיל, אז אָן איר כ׳קאָן ניט לעבן.
זי זאָגט מיר ניט אָפּ, זי טײַנעט: וואַרט.
זי דאַרף בא דער מאַמען פֿרעגן.

דער טאָג איז אַוועק, און דער אָוונט שוין גרויס,
און דער הימל ווערט טונקעלער, שוואַרצער.
מיר גייען און גייען, עס דאַכט זיך מיר אויס,
איך הער יעדן קלאַפּ פֿון איר האַרצן.

און אָט בלײַבט זי שטיין אפֿן פֿעלד, בא דעם ריוו,
וווּהין מ׳האָט געטריבן דאָס שטעטל.
זי לאָזט זיך אַראָפּ אױף די קני, אין דער טיף,
און נעמט בא דער מאַמען זיך בעטן.

דערנאָכדעם מיר גייען צוריק פֿון דעם פֿעלד,
און ביז אינדערפֿרי שוין — צוזאַמען.
מיר האָבן דאָס וואָרט שוין, וואָס אונדז האָט געפֿעלט,
דאָס איינציקע וואָרט פֿון דער מאַמען.

# דערמאָנונג

מיר גייען געאַרעמט. פון האַרצן
יעדן קלאַפּ אַזוי בוילעט איך הער.
און מיר איז אײַנגאַנצן אַכצן,
און דיר — בײַ די אַכצן, ניט מער.

עס ווילט זיך און ס'ווילט זיך ניט ריידן,
אין אָדערן שלאָגט דאָס בלוט.
אויף ביימער עס שושקען זיך פייגל,
וואָס מיר בלויז פאַרשטייען זיי גוט...

און עפּעס בײַ אונדז פאַר די אויגן
די צײַט — זי האָט ניט געסטײַ'ט...
די צײַט איז אַזוי געפלויגן,
אַזוי געפלויגן די צײַט...

דאכט זיך, אָט ערשט, נעכטן,
דאכט זיך, אַז גאָרניט לאַנג...
אָט גיי איך צו אונדזער ערטל,
אָט איז זי דאָרט, אונדזער באַנק...

צי גיט דיך קיין צי ניט באַם האַרצן?
א טרער, ווי בײַ מיר, ניט צערינט?
אַצינד איז שוין דיר ניט קיין אַכצן,
און מיר איז ניט אַכצן אַצינד...

# מעהאלער

זי האָט געוווינט אויף איין עק שטאָט,
איך — אויף דעם צווייטן, קען מען זאָגן.
א גוטע האלבע שאָ האָט דער אווטאָבוס מיך געטראָגן
צום הויז, ווו געוווינט זי האָט מיט איר מאמען.

נאָר ס׳האָט געדוכט,
אז דער אווטאָבוס גייט צו איר
א יאָר מיסטאמע,
און ווען זי איז געווען בא מיר צוגאסט,
און מיט א בינטל קוויטן
איך פלעג זי גיין אהיים באגלייטן, —
צי ווייל עס האָט פארהאלטן דער אווטאָבוס זיך אין וועג,
צי ווייל געדולד עס האָט אונדז ביידן ניט געקלעקט,
מיר זיינען, שטעלט אייך פאָר, צופוס אוועק.

א גאס אדורך, א צווייטע אויסגעמיטן,
און ניט באמערקט אליין — א פלאץ אויף צוויי צעשניטן,
אונטער אונדזערע פיס האָט פונקט ווי ניט געסטייעט
א פראָספעקט,
גאָט מיינער, פון וואָס האָבן מיר דאָן נאָר ניט גערעדט.

פון דעם, פון יענעם און פון אלץ איינײנעם,
פון דעם, וואָס אויסדערציילן קען מען יעדן איינעם,
און דער וועג האָט זיך געקירצט אליין

אף צוויי, אף דרײַ, אף פיר,
און אָט איז שוין איר הויז, איר טיר.

ביז האלבער נאכט פלעג איך דערנאָך ניט שלאָפן, —
ליגן לאנג, לאנג, די אויגן אָפן,
און אלעמאָל געדאכט עס האָט זיך מיר,
מיר וווינען ביידע טיר־בא־טיר...

# צײַט

צוגן, צוגן, לויפנדיקע צוגן.
ערשט די סטאַנציע קינדהײַט, שוין די סטאַנציע יוגנט.

נאָך דער סטאַנציע יוגנט עפּעס ווערט שוין קעלטער,
ערגעץ דאָרט אין נעפּל איז די סטאַנציע עלטער.

און די רעדער שווינדלען, אימפּעטיק
זיך טראָגן,
און פון אונטער רעדער יאָרן יאָגן, יאָגן,

טוסט א קוק אין הימל — אזא בלויע הויך,
נאָר דער קאָפּ אינגאַנצן שוין אין ווײַסן רויך...

# אויגן

בלויע און גרויע, גריבע און שוואַרצע,
איר זעט ביזן גרונט, ביזן אָפּגרונט פון האַרצן.

אין סימכעס און פריידן, אין צאָרעס און פּלאָגן
איר קענט דאָך דעם עמעס קיין ליגן ניט זאָגן.

איך וויל ניט קיין סאַך, כ'וויל נאָר דאָס און ניט מערער,
אַז עלטער איר זאָלט ביז דער עלטער ניט ווערן,

אַפּילע באַם טויט שוין — אין שרעקלעכע ליידן —
אַ פּריינט פון אַ פּיינט אונטערשיידן.

# אף וואַגשאַלן פון סייכל

קלאַפּט דיר אָן אין האַרץ אַ וואָרט אַ שאַרפֿס,
זאָל דיך די שאַרפֿקייט ניט שרעקן.
קלאַפּט דיר אָן אַ וואָרט אַ האַרבס, —
זאָלסטו עס מיט איידלקייט ניט דעקן.

אָבער ווען דאָס האַרבע וואָרט אין האַרץ
פֿון דײַן גוטסקייט לינדער ווערט און ווייכער,
זאָלסטו אָט דאָס וואָרט דאָס אומדערוואַרטס
אָפּוועגן אף וואָגשאָלן פֿון סייכל.

* * *

מעג זײַן אין דרויסן קאַלט און נאַס,
מעג זײַן אַ פראָסט אַ גרויסער, —
ווען זי באַווײַזט זיך אױף דער גאַס,
ווערט וואַרעמער אין דרויסן.

און אַלע מאָל, פאַרנאַכט, בעת זי גייט אַרויס שפּאַצירן,
ווערט ליכטיק אויף דער גאַנצער גאַס
פון העלן בליק פון אירן.

* * *

לייען ניט,
בעט איך דיך, דעם בריוו,
וואָס כ׳האָב ניט אָפּגעשיקט.
מיסטאָם דעם גאַנצן טאָג
דו גייסט אַרום אַהין און צו׳ריק
און לייענסט דעם בריוו,
וואָס איך האָב דיר ניט אָפּגעשיקט.

און אַלע מאָל
דו שטעלסט זיך אָפּ
סײַ דאָ, סײַ דאָרט
און לייענסט אָפּסנײַ,
לייענסט ווידער וואָרט און וואָרט,
דו קוקסט זיך אײַן,
ווי עפּעס וואָלסטו ניט פֿאַרשטיין.
דו ווייסט,
עס טוט מיר באַנג אַליין,
עס טוט מיר באַנק,
נאָר כ׳קאָן ניט כאַפּן צו׳ריק.
מיר דאַכט,
אַ שטיין דאָס האַרץ מיר דריקט...
לייען אים ניט, דעם בריוו,
וואָס כ׳האָב ניט אָפּגעשיקט...

# פּאָלקס־מאָטיוון

* * *

אליין געבעטן אים — ניט קלאַפּ מיר מער אין פענצטער.
פארשווירן אים — פארגעסן זאָלסט מײַן טיר.
און זאָל אַן אנדערע שוין זײַן דײַן שענסטע,
אַן אנדערע שוין זײַן זאָל אָנשטאָט מיר...

א גאַנצע נאַכט איך גיי ארום, ווי א געשפענסטער,
געפין זיך ניט קיין אָרט, דאָס הארץ פארשמארצט.
א גאַזלען! כ׳האָב געבעטן אים — ניט קלאַפּ מיר מער אין
פענצטער, —
קלאַפּט ער אַפּצולאָכעס אין מײַן הארץ...

* * *

אז איך גיי ארויס נאָר אפן גאנעק
און איך טרעף זיך דאָרט מיט מײַן געליבטן,
דאכט זיך מיר, אז עס איז זיס ווי האָניק
יעדעס וואָרט פון זײַנע ליפּן.

גיט א סקריפּ די טיר (שוין שפּעט מיסטאמע),
טוט דאָס הארץ מיר מיטאמאָל א ציטער:
דאָס גייט צו מיר, געוויס, מײַן מאמע,
און דאָס וואָרט בא איר אין מויל איז ביטער...

* * *

אין דער שטוב אָט דער עס ווינט מײַן
שענסטע,
איך האָב דאָרט מײַן גליק באהאלטן דאָס
געגארטס.
פּאר א מײַל דערקען איך אָט די פּענצטער,
און עס גיט א טיאָכקע מיר אין האַרץ.

אָט א פּײַערל סע טוט א בלענד דאָרט!
זי איז אין דער היים! דאָס הארץ מײַנס שלאָגט!
ס'ווילט זיך מיר א קלאַפּ טאָן איר אין
פּענצטער,
באָר זי ווינט דאָך אפן צענטן שטאָק...

* * *

— אוי, סאָרעלע מײַן שײנע, אוי, סאָרעלע, מײַן שײַן!
און וואָס זשע וואָלסטו זאָגן, ווען כ׳פֿיר דיך גלײַך אַרײַן
אין אַ שטיבעלע אָן אויצער, אַ שטיבעלע אַ פּראַכט?
— צום ערשטן, כ׳וועל דיר זאָגן, אַ יאָמטעוו כ׳וואָלט געמאַכט,
פֿון הערצן און געדענקען אױף טישן אָנגעשטעלט,
און אַלע פֿרײַנט פֿאַרבעטן, די סאָנים ניט פֿאַרפֿעלט...
— צו וואָס עפּעס די סאָנים, וואָס איז עס פּאַר אַ נײַס?
— אײַ, זאָלן זײ, די סאָנים, האָבן אויכעט שפּײַז:
ווען מיר מיט דיר, מײַן ליבער, זיך פֿרייען וועלן ביידע,
איז זאָלן אויך די סאָנים האָבן וואָס צו ריידן.

* * *

שיק מיר א בריוו מיט דעם שטעמפּל פון ליבע,
זי קען זיך באַגיין דאָך אָן מאַרקעס.
ווי ס'זאָל ניט זײַן פֿאַרפּלאָנטערט געשריבן,
דער בריוו וועט דערגיין צום האַרצן.

שיק מיר א בריוו מיט דעם שטעמפּל פון פרילינג,
מאַרקעס וואָס קאָסטן? — א שיבעש.
דורך הונדערטער מײַל דאָס האַרץ וועט דערפילן:
פאַר קעלט איז ניטאָ שוין קיין סיבעס.

שיק מיר א בריוו מיט דעם שטעמפּל פון זון,
מאַרקעס דאָך קאָסטן א גראָשן.
דאָס האַרץ וועט דערפילן — אַרום און אַרום
קיין אײַז צווישן אונדז איז ניטאָ שוין.

* * *

עפּעלעך דרײַ — האָניק־זיס, אַלע טאַמען
וואַקסן אין סעדל בײַ מיר.
דאָס ערשטע — ניט זיך, כ׳וועל עס שענקען מײַן מאַמען,
מײַן מאַמען מײַן טײַערער, איר.

דאָס צווייטע, וואָס קוים אױפֿן צווײַגל טוט הענגען,
די בעקלעך פֿאַרפֿלאַמט פֿון דער זון,
מײַן טאַטן איך וועל אָט דאָס עפּעלע ברענגען,
און זאָל עס אים זײַן צו געזונט.

און ס׳דריטע — מײַן שיינעם, איך האָב ניט פֿאַרגעסן,
ווי צערטלעך איז ער און ווי וויל, —
דו מיינסט, אַז ער וועט עס אַליין עפּעשער עסן? —
אַרײַנלייגן מיר עס אין מויל.

* * *

זייגערמאַכער, זייגערמאַכער, פֿאַריכט אין מיר מײַן זייגער,
עפּעס גייט ער אײַנגעהאַלטן, כאָטש קלאַפּיר.
איידער איך דערזע מײַן שײנע, איידער,
קריכן אַרויס די אויגן בײַ מיר.

זייגערמאַכער, זייגערמאַכער, פֿאַריכט אין מיר מײַן זייגער,
עפּעס לויפֿט ער — קלאַפּט און טיאָכקעט אָן אַ שיר.
איידער כ׳רעד זיך אָן מיט איר, מײַן שיינער, איידער,
אַנטלויפֿט זי שוין פֿון מיר.

זייגערמאַכער, זייגערמאַכער, פֿאַריכט אין מיר מײַן זייגער,
ער לויפֿט און אײַלט און שטעלט זיך פּלוצעם אָפּ.
דו מיינסט, זי זאָגט מיר „ניין״? זי זאָגט מיר „וואַרט״, קעסיידער.
ביז וואַנען וועט זי דרייען מיר דעם קאָפּ?

## א שניי איז צערונען...

א שניי איז צערונען, א שניי איז צעגאנגען,
און איך בין געלאָפן דורך גאסן די לאנגע,

געזוכט מיט די אויגן — מעשוגע צו ווערן,
געהאָפט, אז דו וועסט נאָך אמאָל מיר געהערן,

צו מיר וועסט זיך קערן, דערזען כ׳וועל דיך ווידער —
דאָס הארץ האָט געציטערט, דאָס לייב האָט געפיבערט.

און הינטער מיין האָפענונג, הינטער מיין פלייצע
עס האָבן די מענטשן די פרעמדע געפרייט זיך

מיט אייגענעם גליק און מיט זיסע פארלאנגען.
א שניי איז צערונען, א שניי איז צעגאנגען...

# דער צווייטער אקט

דער צווייטער אקט פון לעבן — ווי אף א סצענע —
דאָס מעבל אין שטוב איז שוין אנדערש צעשטעלט:
א בעטל אף רעדלעך, מ׳האָט פריִער ניט געזען דאָס,
א מולטער, זי איז אויך ניט געווען — האָט געפעלט.

די ווינדעלעך, זעט נאָר, ווי טויבן ווי ווײַסע,
אָט פליִען זיי, דוכט זיך, פון שטריקל אוועק,
און שפּילעכלעך וויפל, גלײַך ערשט פון א מײַסע,
א מײַסע, וואָס ציט זיך און האָט ניט קיין עק...

און ביידע באם בעטעלע שטייען דערנעבן
און קוועלן פאר נאכעס, א ביסל צעראשט,
א קלייניקײַט — אף דער סצענע פון זייער געמיינזאמען לעבן
האָט זיך באוויזן דער דריטער פערסאָנאַזש.

יאָ, זיי וועלן נאָך לאכן און וויינען אויך טאקע,
דאָס לעבן גייט ווײַטער —
עס גייט דער ספּעקטאקל.

## די מינוט פון שווײַגן

איך קום צו אײַך
ניט אױף לאַנג, אױף רעגעס געציילטע
און שטילע.
כ׳נעם צו אײַער לשון, אײַער בלוט איך פּאַרקיל,
איך לאָז זיך אַראָפּ אױף אײַערע קעפּ, װי דער האַרבסט
אױף באַלעסטיקטע צװײַגן,
כ׳בין די מינוט פון שװײַגן,
די מינוט פון שװײַגן,
די מינוט פון שװײַגן.
מײַן צײַט איז אַזױ קורץ, אײַנגאַנצן אַ װײַל,
אין רעגעס געציילטע כ׳האַרף דורכגײן טױזנטער מײַל —
פון הערצער צו הערצער,
דאָס אײגענע האַרץ ניט פאַרמײַדן.
כ׳בין די מינוט פון שװײַגן,
די מינוט פון שװײַגן,
די מינוט פון שװײַגן...
בײַ אײנעם אַ טאַטן, בײַ אײנער אַ מאַמע, אַ שװעסטער —
בײַ אײנעם...
איך קום אײַך דערמאָנען אין זײ.
איך פאַרגעס ניט אין קײנעם.
אױף אײביק אין אײַך
זאָל דער װײ, װי אַ שפּליטער פאַרבלײַבן.
כ׳בין די מינוט פון שװײַגן,
די מינוט פון שװײַגן,
די מינוט פון שװײַגן.

# עס טרעפט

איך טראָג דעם טאַטנס ווײ אין האַרץ
און דער מאַמעס שרעק אין מײַנע אויגן.
אַמאָל איך טראַכט, אַמאָל מיר דאַכט:
שוין יענע ווונד פאַרצויגן.

געזעגנט זיך מיט יענעם ווײ,
אַף אײביק זיך געזעגנט,
און וווּ איך שטײ און וווּ איך גײ,
שוין מער אים ניט כ׳באַגעגן.

עס פליִען טויבן גלײַך פון דאַך,
און פון מײַן האַנט אלײן זײ עסן,
און ווי אַ קינד, מיט קינדער כ׳לאַך,
אין אַלץ, אין אַלץ, דאַכט זיך, פאַרגעסן.

נאָר ס׳טרעפט: עס כאַפּט מיך אויף באַנאַכט,
די שויבן — גרויע פאַרצויגן,
כ׳טראָג אַלץ דעם טאַטנס ווײ אין האַרץ
און דער מאַמעס שרעק אין מײַנע אויגן.

## באם ברונעם

זיי האָבן אים מיט די ליידיקע עמער דערזען...
די ליידיקע עמער געהייסן אים שטעלן אַף דר'ערד,
אין אליין זאָל ער קריכן אין ברונעם.

— — — — — — — — — — — — — — —

דאָרט אין דער היים וואַרט אַ פרוי, אַ קינד ניט דערזויגן...
כאַלעשט דאָס האַרץ — אַ טרונק, קריכן אַרויס די אויגן.
און אים גייט דאָס וואַסער אַריבער שוין איבערן האַלדז.
אַ רעגע, און אָטעמען וועט ער ניט קענען.
שטייען אזוי אַף דער ערד זײַנע ליידיקע עמער,
שטייען און וואַרטן און ווייסן ניט, מעג איך שווערן,
אז פול מיט אַן אויג זיי וועלן ניט דאָ,
נאָר אין דער היים באם אים ווערן...

## דער שנײַדער

דרײַסיק יאָר האָט מענאַשע דער שנײַדער גענייט,
מעסלעסן דאָס בענקל געקוועטשט, געזעסן געבויגן.
און איצט — א געבונדענער פאַר די עסעס־לײַט ער שטייט,
און דעם מלאך־המוותס ער קוקט אין די אויגן.

דערנאָך... וואָס דערנאָך — דו פאַרשטייסט דאָך אַליין...
דאָס קנײַלעכל האָט זיך געוויקלט. אין שרעקלעכע ווייען
געלעגן איז ער אויף דער ערד, א פאָדעם פאַרפרעסט אין די ציין —
דאָס ביטערע מזל, דעם סייכל אין אָט דער מינוט ניט פאַרנייען...

# די אלמאָנע

שוין צוואַנציק יאָר זי מאַכט ניט צו קיין אויג,
באַנאַכט ער קומט צו גיין, מיט אומרו אָנגעלאָדן.
אַמאָל איז ער דער רעגן, וועלכער קלאַפּט אין שויב,
אַמאָל דער ווינט, וואָס פּאָרעט זיך אַרום די לאָדן.

עס טרעפט, ער קוקט פונקט ווי אַ שטערן פון דער ווײַט,
אין אויג בײַ איר די טרער ווערט שווערער, שווערער.
זי גלייבט אַלץ, אַז ער לעבט און אַז ער שרײַבט,
נאָר אַז עס גייט אַ בריוו פון דאָרטן צוואַנציק יאָר און
מערער.

# מײַן כאָלעם

סאַרקעס אָנדענק

פון בענעדיקע[1] — אױף הײַסינער גאַס,
בלױז אױף אַ רעגע, אױף װערן אַנטרונען —
באַנאַכט קומט מײַן שװעסטער צו מיר צוגאַסט,
זי קען דאָך באַטאָג ניט קומען...

שלאַנק און געזונט, אױסגעקעמט יעדער האָר,
גײט זי אַרום פון װינקל צו װינקל,
קען ניט געפֿינען אין שטוב זיך קײן אָרט,
װיל ניט אַװעקגײן אַהין, װוּ ס'איז טונקל.

האַלדזט מײַנע קינדער און קײנמאָל פֿאַרגעסט
יעדן פֿון זײ אַ מאַטאָנע צו ברענגען.
און כאָטש ס'האָט דער כאָלעם געבונדן מיך פֿעסט,
לױף איך אַלײן אױפֿן האַלדז איר זיך הענגען.

נאָר דאַן, װען אַ שפּריץ טוט אין שױבן די שײַן,
ס'באַװײַזט זיך דער טאָג, װי אַ שװאַלב פֿון דער נעסט
ערשט, —

[1] דאָס אָרט אין שטעטל הײַסין, װוּ ס'ליגן באַגראָבן טױזנטער ייִדן, צעשאָסענע פֿון די דײַטשישע פֿאַשיסטן.

מײַן שוועסטער... ווי ס׳ווילט זיך איר לענגער דאָ זײַן,
דארף זי אוועקגײן צוריק שוין, מײַן שוועסטער...

פון בענעדיקע — אף הײַסינער גאס,
בלויז אף א רעגע, אף ווערן אנטרונען, —
באנאכט קומט מײַן שוועסטער צו מיר צוגאסט,
זי קען דאָך באטאָג ניט קומען...

# באַ דער באָבע

מײַנע קינדער ווילן, כ'זאָל זיי צו זייער באָבע פירן,
זיי ווילן זען זייער באָבע.
פאַרוואָס טאַקע זאָלן זיי ניט זען זייער באָבע?
די באָבע — זי גאַרט דען ניט זען די אייניקלעך אירע?..

מײַנע קינדער ווילן, כ'זאָל זיי צו זייער באָבע פירן,
און אין דרויסן איז מײַ, און פון צווײַגעלעך קנאָספּן זיך שיילן.
שווײַג איך. איך פּרוּוו זיי מיט שווײַגן דערציילן,
זײַנען זיי קינדער און גיך דעם געדולד זיי פאַרלירן.

גייען מיר, גייען. געבליבן שוין הינטער דער פּלייצע די
שטאָטישע ראָגן.
א וואלד א געדיכטער, א שטילע פאַרשאָטנטע וועלט.
און אָט איז דאָס פעלד. און די גרוב. עס יאָגט אָן א קעלט,
און די פיס, די פיס ווילן ווײַטער ניט טראָגן...

כאַפּ איך זיך אויף ווי פון שלאָף: „קינדער, נו, טײַערע, שטייט,
מע טאָר דאָ ניט לויפן, שטעלט אָפּ זיך א ווײַלע".
און טראַכטן איך טראַכט זיך: „וואָס ווילסטו, וואָס האָסטו
צו זיי, —
זײַן באַ דער באָבע און ניט קענען באַ איר זיך פאַרווײַלן?.."

# דער באָבעס קנײַלעכל

דאָס קנײַלעכל איז ארויסגעפאלן פון מײַן באָבעס הענט די ווילע,
פארפלאָנטערט זיך און איבערגעריסן זיך אינדערמיט
אונטער די געקאָוועטע שטיוואליעס בא די קוילער,
וואָס האָבן בא די געטאָ־טויערן דעם ווינד־און־וויי געהיט.

איינע זאָגן,
אז מע האָט געזען דער באָבעס פאָדעם צווישן ציין פארפרעסט
באם פארטיזאן דעם שנײַדער, און די עס־עס
האָבן דערפאר בא אים זיך גאָרניט ניט דערשלאָגן.

און אנדערע דערציילן,
אז פארקײַקלט האָט דער באָבעס קנײַלעכל זיך צוריק
דורך די געטאָ־צוימען,

זיי וואָלטן שווערן זיך דערבײַ געקענט:
דער באָבעס קנײַלעכל האָט מען געזען,
עס ציט זיך פון דעם זעלנערס ביקס צום הארץ פון סוינע.

# אלטע בריוו

דעם קסאַוו כ׳דערקען,
דערקען די „קאַטשערעס און לאַפּעטעס״
דער מאַמעס,
ווי מיט א מעסער שנײַדט אין הארצן טיף:
זי האָט נאָך דעמלט ניט געזען פאר זיך דעם
ריוו,
און דעם רעצייעך,
און דעם לעצטן טאָג אין טאַמעז...

און אָט — א בריוועלע פון עלטסטן ברודער
מײַנעם
(ווי שטענדיק, קלעקט אים ניט דאָס בייגעלע פּאפּיר...),
ער האָט דאן ניט געוווּסט,
אַז ייִנגער וועט ער זײַן פון מיר,
דאָס בריוול — פול מיט מוסער און מיט טײַנע...

און —
דריבנע אויסיעס, פּונקט ווי קרעלן שוואַרצע,
פון איר... נו, יאָ, פון איר געוויס.
און ס׳פינקלט אויף אן אלטער פונק אין הארצן,
און ס׳טוט עפּעס פון הארץ צום גאָרגל זיך
א ריס...

# מײַן מאמע האָט געוואָלט
# זײַן אָף מײַן כאַסענע...

מײַן מאמע האָט געוואָלט זײַן אָף מײַן כאַסענע...
אוי, טעג און נעכט האָט זי דערפֿון געקלערט!
האָט היטלער, ס'זאָלן אים טאָטשען ווערעם דאָרט אין דר'ערד,
פֿארשאָטן זי אין ריוו — א ניט־דערשאָסענע.

מײַן מאמע האָט געוואָלט זײַן אָף מײַן כאַסענע...
אוי, בעקאָמע, מאמע, גענומען כ'האָב פֿאר דיר,
קלעזמאָרים, שפּילט, קלעזמאָרים, שפּילט געלאַסענער, —
מײַן מאמע זינגט, מײַן מאמע איז מיט מיר!

מײַן מאמע האָט געוואָלט זײַן אָף מײַן כאַסענע...
א גליקלעכע זי גייט צו מיר אהער.
איז ברייטער, ברייטער נאָך די ראָד געשלאָסענע! —
מײַן מאמע גייט מיט אלעמען א שער.

מײַן מאמע האָט געוואָלט זײַן אָף מײַן כאַסענע...
טאָ וואָס זשע שליגסטו, נארעלע, א טרער?
מע זאָגט: מע דאַרף וויינען אָף א כאַסענע,
איז וויין זשע, אז דו זאָלסט ניט וויינען מער!

# אין א רעגנדיקער נאכט

די מאמע טראכט, די מאמע קלערט,
די מאמע שלאָפט ניט דורך די נעכט.

איר זון, איר וווּנד, איר איינציק קינד —
זי וויגט זײַן וויגעלע אצינד.

זי וויגט און וויגט ביז האלבער נאכט,
ביז האלבער נאכט זינגט שטיל, זינגט צאַרט.

דאָס האַרץ, איר האַרץ, עס איז פאַרשטיינט:
ניטאָ איר זון, זי איז אליין.

א בליץ — א דימענט — ערגעץ ווײַט
א האלבן הימל טוט א שנײַד.

און מיטאמאָל און אָן א מאָס
א מאבל־רעגן טוט א גאָס.

און זי צעשויבערט אירע האָר.
איר קינד, איר וווּנד, איר זון, איר בכאָר.

ער שטייט לעם איר — עס גייט א שלאכט.
דאָס דרײַ־און־פערציקסטע... ס׳איז נאכט.

א נאכט אין שלאַכט. דער סוינע שיסט,
דער רעגן גיסט, דער רעגן גיסט...

ער קלאפּט אין שויב, ער פּויקט אין דאך.
עס נעמט קיין שלאָף, זי וואַרט און וואַרט.

די מאַמע שלאָפט ניט גאַנצע נעכט,
די מאַמע גרויער, גרויער ווערט.

## מײַן מאמע שטארבט

אינגיכן איז יאָמטעוו, ווייס איך,
איך גיי פון קלייט צו קלייט.
עס ווילט זיך דער מאמע דער אלטער
קויפן א קלייד.

פון העלע וויטרינעס אנטקעגן
קוקן אף מיר אָן א סאָף
קליידער, און קליידער, און קליידער
פון אלטן און נײַעם שטאָף.

שטעל איך זיך אָפּ בא א פענצטער,
א פּארגאָסנס אינגאנצן מיט שײַן.
אָט דאָס קלייד וועט קורץ זײַן אוואדע,
יענץ וועט לאַנג אף איר זײַן.

אָט דאָס מיט די ארבעסלעך ווײַסע
וועט איר צוגעבן כיין.
און עפשער דאָס קלייד מיט די פאלדן —
יענץ וועט מערער איר גיין,

ליגן ווי אויסגעגאָסן,
שײַנען אף איר — א פּראכט,
מאכן מײַן מאמע מײַן אלטע
יינגער אף א סאך.

— — — — — — — — — —

פון הארבסטיקעביימער אנטקעגן
פֿאַלן בלעטער לעצטע אַראָפּ,
זיי לייגן גרינג אַף דער ערד זיך,
זיי לייגן זיך שווער אַף מײַן קאָפּ.

דאַכט זיך מיר אויס, אַז אין אויער
רוימט עמעצער מיר נאָכאַנאַנד:
דו וואַרט בײַ דער קלייט נאָך א ביסל,
ס'איז וואַרטן געבליבן ניט לאַנג...

דאָרט אין די הייכן, אינגיכן,
פּינקטלעך צו דעם סעזאָן,
א קלייד מירן מאַכן דײַן מאַמען
פון ווײַסן־ווײַסן ניילאָן.

די ברייט און די לענג וועט עס האָבן
און די מאָס — פּונקט ווי איר איז באַשערט:
גרויס, ווי די ערד אינגאַנצן,
ווי דער ווייטעק פון איר, פון דער ערד.

ווערט קאַלט מיר אין יעדן אייווער,
גלײַך כ'וואָלט געלעגן אין שניי,
און איך שטיי און איך קאָן זיך ניט רירן,
ביז טרערן עס טוט מיר וויי.

## איך בין געקומען צו דער מאמען מיט קווייטן...

איך בין געקומען צו דער מאמען מיט קווייטן
און ווי א שטומער איך שטיי און שטיי.
און די מאמע צו מיר עפּעס גייט ניט,
עס גייט ניט די מאמע — וויי!

נאָך יאָרן אין רויך און אין פלאמען,
נאָך ווייען און פּלאָגן אָן צאָל
ארומנעמען וויל איך די מאמע
און קושן זי פּונקט ווי אמאָל.

איך קען ניט אוועקגיין פונדאנען,
עס איז אפן הארץ אזוי שווער.
א מאָגעלע ערד —
מײַן מאמע...

## הינטער מאָסקווע

ער איז געפאלן הינטער מאָסקווע,
און פאר זײַנע אויגן
געשײַנט האָט שוין א ווײַסע פאָן איבער בערלין.
א ווײַס בערעזקעלע, צום הימל אויסגעצויגן,
פארגליווערט איז געבליבן לעבן אים.

און ווען אָקטיאבער קומט און ס׳נעמט דער יאָמטעוו שאלן,
א קילער ווינט ברענגט פונעם הארבסט א גרוס, —
אלע זײַנע באקומענע און ניט־באקומענע מעדאלן
דאן פלאקערן בא דער בערעזקע אף דער ברוסט...

# די באַלאַדע וועגן יוינע דעם בעקער

געשטאַנען איז יוינע באַם אויוון, ווי שטענדיק,
און פּונקט ווי זײַן טאַטע געבאַקן ברויט,
דאַרף קומען די בעסטיע, און אַלץ איז
געענדיקט.
אַף יעטווידער שוועל עס לויערט דער טויט.

מיט ווייטעק אין האַרצן, מיט סינע מיט
הייסער,
איז יוינע, ווי פּיל נאָך, אין יענער נויט
אַוועק מיט די יונגע, אַוועק מיט די דרייסטע,
געשוונדן דעם קוילער די זיבעטע הויט.

און גרויס איז די שׂימחה הײַנט, שווער אַזש
צו רייד׳ן,
בײַ אַלע קינדער די באַקן רויט,
ווײַל די בעסטיע די ברוינע אין דר׳ערד באַקט
הײַנט בייגל,
און יוינע דער בעקער באַקט ווידער ברויט.

## וואָס פאַרגעסט איר?

וואָס פאַרגעסט איר? אַמאָל פאַרגעסט איר
אַ נאָמען געבן נאָך אַ מאַמען, נאָך אַ שוועסטער.

אַפילו זעענדיק דעם געַנעם פאַר די אויגן,
האָבן זיי ניט אופגעהערט צו גלויבן,

אַז לעבן בלײַבן וועלן זיי אין זייערע נעמען,
אַז אייניקלעך וועלן זיך מיט זיי ניט שעמען.

וואָס פאַרגעסט איר? אַמאָל פאַרגעסט איר
אַ נאָמען געבן נאָך אַ מאַמען, נאָך אַ שוועסטער.

# דער מאָנומענט

ער שטייט אזוי, ווי ער איז דאן געשטאנען,
ווען זיי געוועץ זײַנען א שפאן פונדאנען:
די רעכטע האנט פארוואונדעט און אין בלוט,
נאָר שטאָלץ די פאָן, די רויטע פאָן, פארהויבן.
דער קאָפּ זיך דרייט. פאר זײַנע אויגן —
באקאנטע שטעט און דערפער, אש און קויל,
און יונג און אלט, און פרוי און קינד געשענדטע.
מײַדאנעק,
באבי־יאר,
אָסוועגצים...

ווי פריילעך שפילן קינדער לעבן אים
מיט זון און בליק און שטיקער פריילינג אין די אויגן.
ער האָט זיי זיכער דאָך געזען אין יענעם אויגנבליק,
ווען ער האָט די גראנאטע הויך פארהויבן.

און די, וואָס זײַנען האנט־בא־האנט מיט אים
דורך ווינט־און־ווייַ אף הוילער ערד געקראָכן,
געגאנגען דורכן טויט, דערגאַן ביז דעם ניצאָכן —
זיי לאָזן זיך אראָפּ אין שאכטע, אין דער טיף,
און שיסן אויס א בארג מיט אנטראציט, —
זיי דערקענען אים:
ער איז מיט זיי,
אין שאכטע,
אין דער מיט.

און ווען אין פעלד באם שניט אין הימל־הויך
וואַקסט אויס אַ באַרג פון ווייץ און קאָרן, —
ער איז מיט שניטער,
אין דער מיט,
פון פאָרנט.

ער לעבט,
ער רופט,
ער שווערט:
עס וועט נישט זײַן קיין קריג מער אף דער ערד!

## דער פּאַנענטרעגער

אינמיטן שלאַכט — מע דאַרף עס דאָך
פאַרשטיין! —
האָט אַ סאָלדאַט דיך העכער נאָך פון זיך
פאַרהויבן,
און ס'איז די פאָן שוין איצט ניט דײַ,
די פאָן ווערט ער אַליין,
עס מעג דער טויט אים קוקן צען מאָל אין די
אויגן, —

אין גאַנצער גרויס
ער גייט, ער גייט פאָרויס!
דעם סוינעס קויל — זי זוכט, זי נישטערט, ס'איז
אַ גרויל.

דער טויט אין פויקן פויקט.
דאָס לעבן ציילט די רעגעס.
זי מיינט דען דיך, די קויל? —
זי מיינט דעם פּאַנענטרעגער!

# קאפיטוליאציע

אלע וועלדער, וואָס רינגלען די שטאָט ארום,
האָט שוין פארנומען די פייגל־ארמיי.
דער ווינטער האָט שוין אויסגעשאָטן
זײַן לעצטן שניי,
פונקט ווי פענדעלעך ווײַסע דאָ און דאָרטן. —
כ׳האָב לאנג שוין ניט געזען דעם הימל אזא
אויסגעקלאָרטן.

מיר דאכט,
איך בין אין שלאכטן נאָך אצינד,
און גיי,
גאס־אײַן, גאס־אויס —
א פרייד ניט לאָזט מיך
אף אן אָרט צו שטיין,
און הילכיק קלינגט מײַן טראָט,
ווײַל כ׳בלײַב אין דער ארמיי.

און פון דער הויך
די זון, א מילדע, איז א באלן
זיך שפילן מיט אלע מײַנע זיג־מעדאלן.
און דאָ און דאָרט
אף יעדן־יעדן בוים
דעם גאנצן טאָג אָן אופהער
ארבעטן די פייגל־ראציעס:

דער ווינטער גייט אוועק,
דער ווינטער גייט אוועק,
קאפיטוליאציע!
קאפיטוליאציע!

## געטאָ

דײַן באָבע האָט ניט געוווּסט פֿון געטען,
דײַן באָבע האָט געוווּסט די געטאָ...

איבערטראָגן צאַר און הײלן זיך מיט טרערן
האָט דײַן באָבע דאָרט זיך אויסגעלערנט.

אַלע נאַכט, ווען ס'שלאָפֿט שוין יעדער אײנער,
אָט דעם צאַר איך כאָזער איבער אויסנווײניק...

נײן, ניט אויסדערצײלן עס מיט ווערטער,
קלײן זײַנען די לײדן פֿונעם יונגן ווערטער.

דײַן באָבע האָט ניט געוווּסט פֿון געטען,
דײַן באָבע האָט געוווּסט די געטאָ.

# גראמען

די מאמע האָט געוואָלט, זאָלסט זײַן א לאמדן,
און בא דיר אין קאָפּ — כאָרייען בלויז און יאמבן.

א כיישעק פון א קינד (ס׳וואָלט לאכן, מינאסטאמע):
טאָג און נאכט זיך שפּילן נאָר מיט גראמען.

טאָג און נאכט דעם קלאנג אין פערזן פאַרוואַנדלען,
דײַן מאמע האָט דאָך געמיינט, וועסט זײַן א לאמדן...

די מאמע דײַנע — ווײ צו מײַנע יאָרן —
אין ווילדן פײַער איז פארברענט געוואָרן.

און דו זוכסט גראמען, גראמען, גראמען,
עפּשער אין זיי וועט לעבן כאָטש דײַן מאמע.

# א שמייכל

מיט א שמייכל גייען מיר צו קינדער,
צו א פרײַנט און צו א ליבער פרוי.
פון א שמייכל ווערט דער ווייטעק לינדער
און אין הארצן ליכטיק ווערט אזוי.

פון א שמייכל וואַרעם ווערט, ווען ס׳ברענען
הארבע פרעסט, וואָס בריִען ביזן ביין.
מיט א שמייכל — אלע פעלקער קענען
אָן אן איבערזעצער זיך באגיין.

## דאָס וואָרט

ס׳איז שטיל ארום, קיין מינדסטער שאָרך,
מע הערט א פליג ניט זשומען.
איך זוך א וואָרט, מיר פעלט א וואָרט,
עס ליגט מיר אפן גומען.

און איך דערזע דאָ אפן אָרט
(איך רוף זיי ניט, כ׳קאָן שווערן) —
אָט די, וואָס האָבן מיט א וואָרט
געהאָלפן, מיך געלערנט.

זיי קומען גלייך צום טיש, כ׳פארשפאָר
צו בעטן זיי, ווי שטענדיק, —
און ס׳קומט דאָס וואָרט! דאָס נייטיק וואָרט!
דאָס וואָרט, וואָס איז פארשטענדלעך!

## געזיכטער

איך זע אין דער היים זיי,
איך טרעף אף די גאסן —
פריילעכע, שיינע,
מיִעסע, בלאסע.

אין לויף פון די יאָרן, —
ווו כ׳גיי און איך טרעט נאָר, —
געזיכטער, ווי ספאָרים,
איך בלעטער און בלעטער.

אין ראש, אין געווימל,
וואָס טאָמיד באגלייט אונדז,
איך לייען זייער שטימונג
און לייען זייער ווייטעק.

איך לייען זיי, זיסע,
איך טרינק פון זיי ביטערס —
אמאָל מיט פארוויסטקייט,
אמאָל מיט א ציטער.

כ׳באגעגן (עס מאכט זיך)
געזיכטער, ווי שטיינער,
זיי קענען ניט לאכן,
זיי קענען ניט וויינען.

עס טרעפט אונטערוועגנס, —
איך פריי זיך, איך טרויער.
אויב לאנג ניט באגעגנט,
איך בענק און באדויער.

# טריט

טראָטוארן רוישיקע און לאנגע!
צי הערט איר טריט? — דער מענטש איז דאָ געגאנגען!
געגאנגען אָרכים דאָ און באלעבאטים,
דערנאָך געגאנגען מורדים און סאָלדאטן,
געגאנגען שפּעטער טאָקע זיי — די זעלבע,
נאָר שוין פון רעשטאָוואניעס די זעלנער.

טראָטוארן רוישיקע און לאנגע!
זאָגט, וועלכע טריט עס האָבן אייך געפאנגען:
די טריט פון מענטשן יונגע און פון אלטע,
פון די, וואָס גייען פאַרזיכטיק, באהאלטן,
און פון די פאַשעטע גייענדיקע גייער,
און פון די גייער, וואָס דעם שפּור פאַרדרייען,
די טריט פון צניעס ריינע און פון זוינעס...

ווען איר געקאָנט וואָלט אָנשרייבן זיכרוינעס,
מיר וואָלטן לייענען טאָקע אפּאנעמעס
פון טריט ראָמאנען גאנצע און פּאָעמעס.
ס׳וואָלט עמעץ, בלעטערנדיק אייערע מעמוארן,
געטאָן א ציטער, ווייל עס וואָלט אים ארן,
ער וואָלט געהאט כאראָטע פאר א טראָט א שלעכטן,
פאר א ניט באטראכטן, ניט גערעכטן...

און אנדערע — אזויפיל גוטע מענטשן —
וועלן זייערע טריט מיסטאמע בענטשן.

טראָטוארן רוישיקע און לאנגע!
צי הערט איר טריט? — דער מענטש איז דאָ געגאנגען!

# באם טײַך

פֿאַרוואָרפֿן אין טײַך שוין די ווענטקע, —
איך זע: זי דערלאַנגט ביזן דעק.
די כוואַליעלעך שטיפֿעריש שווענקען
מײַן בלוילעכע ווענטקע באַם ברעג.

און דאָרטן, א רעגע בלויז דויערט,
עס טרינקט זיך די זון, זי דערברענט,
און שטיל אַף מײַן ווענטקע דער בלויער
א פֿישל א גאָלדנס עס הענגט.

ס׳איז קאַרג מיר, די אויגן גלאַנצן,
א פּײַל אינעם בויגן — מײַן גוף,
עס דאַכט, אַז די זון איינגאַנצן
איך צי אַף מײַן ווענטקע אַרויף.

# א שטיין

ליגט א שטיין
אינמיטן וועג
איין־אליין.

כ׳פרעג:
ס׳איז אים גוט, דעם שטיין?

און פון אים א שפאן, ניט מער,
ליגן שטיינער,
פונקט ווי ער.
גרייט זיך אָפּגעבן די הענט,
זיך פארקנעטן אין צעמענט,
ווערן ווענט.

ס׳ליגט א שטיין
אינמיטן וועג
איין־אליין.
מישטיינסגעזאָגט, זײַן גאנץ פארמעג:
א ביסל זאמד אונטערן זײַט,
און מאָך — אן איידעס פון דער צײַט!

מיט שארפע שפיצן קליינלעך־בייז
עס וועט א וואָרף טאָן אים צערייצט
די שלעכטע האנט, וואָס וויל באגיין

א שווער פֿאַרבראָכן מיטן שטיין.
ווען דאָ ניט ווײַט,
א שפּאַן, ניט מער,
עס ליגן שטיינער
פּונקט ווי ער.
זיי גיבן אָפּ זיך צו די הענט,
וואָס בויען ווענט.

# די שטוב

עס שטייען פעסט די ווענט, און עס איז דאָ דער דאַך,
פון וואנט צו וואנט דער דיל — כאָטש גיי אַ האָנע.
אַ שטוב שוין, ווי אַ שטוב, אַ שטוב אַ פּראכט.
עס איז שוין דאָ די שטוב, און ס'איז די שטוב ניטאָ נאָך.

מע האָט אריינגעפּירט אהערצו וואָס איר ווילט:
אַ טיש, אַ בעט, אַ לאָמפּ און אַלץ צעשטעלט דאָ.
אַ שטוב שוין, ווי אַ שטוב, אַ שטוב — אַ בילד,
אַ נאכלע, קיין איינהאָרע. עפּעס פעלט דאָך...

זי איז נאָך קאלט, די שטוב, ווי ווינטער אין אַ שניי,
צו ווייטע ווינקעלעך די שטילקייט קוים טוט גרייכן,
און פעלן פעלט דער שטוב דאָס קינדערשע געשריי,
דער העל־צעבליטער קינדערישער שמייכל.

# א לויב-געזאנג די פיס

אָ, איר, געזונטע שטאַרקע פיס,
ניט צעשיידטע ברידערלעך — א צווילינג,
רייַזנדער — אין ווינטער און אין פרילינג,
א האַלבע וועלט האָט איר געזען געוויס.

א געזונט אין אייַך, איר, שטאַרקע פיס!
אָ, וויפל וועגן, וויפל גענג פאַר אייַך צעשפרייט,
וויפל גוטע, וויפל שלעכטע וועטערן —
איר וועט נאָך אין לעוואָנע־קראַטערס קלעטערן,

איר דאַרפט נאָך זייַן אַף מאַרס און אַף ווענערעס ברייט, —
גייט, ברידערלעך, גייט!
ביז הונדערט צוואַנציק יאָר שפּאַנט פריש און מונטער,
אַז קלינגען אַף דער ערד זאָל אייַער טראָט געזונטער!

## כאנוקאס־האבאים

דער טיש איז אָנגעשטעלט מיט אויבס און
פּרוכט —
אַ פולער טיש געקעכץ, און אויך געבראָטנס.
בא מיינער איז היינט אַלץ געראָטן,
פון פלייש און פיש געשמאַק איז דער גערוך.
די קויסעס — איינס און איינס — ניט האַלטן
אויס,
צעבוצקען מיט אַ קלונג זיך, אַ מעכייע.
לעכאים, ברידערלעך, לעכאים!
לעכאים נאָכאַמאָל, לעכאים פאַרן הויז...
באַם טיש, כאַלילע, ניט פאַרגעסן קיינעם,
שוין אַלע פריינט לעם מיר, און אַלע שכיינים,
שוין אַלע קויסעס — מיטן קאָפּ אַראָפּ,
שוין ביז איין טראָפּן אַלע קויסעס ליידיק,
נאָר זאָגט, פאַרוואָס שטייט דאָרטן נאָך איין קאָס
איינגאַנצן פול, און, דאַכט זיך, ווי באַליידיקט...
אין וואַלד לעם רזשעוו, אַף וועלקנדיקע גראָזן
איך האָב אַ פריינט אַ נאָענטן געלאָזן.
דער טרוים וועגן אַ היים אין שלאַכט האָט
אים געפירט.
וואַרט, וואַרט...
אָט קלאַפּט ער אָן אין טיר...

# איך בין קיינמאָל
# ניטאָ אין דער היים...

דאכט זיך, ווי יעדער איינער,
כ'האָב אַ דירע, ווו אלץ איז מיר היימיש,
ווארעם און ליכטיק,
און אלץ, ווי מע זאָגט עס, איז דאָ,
נאָר אין דער היים בין איך קיינמאָל ניטאָ.

בא אייגענע כ'בין, און בא פרעמדע,
און בא וויפל איר ווילט באקענטע,
דעם גאנצענעם טאָג — איין לויפן, איין גיין,
און קיינמאָל ניטאָ בין אין דר'היים...

אָט דאכט זיך, דעם קאָפּ שוין דעם מידן
איך פיל אף דעם קישעלע ליגן,
און די אויגן זיך פארקלעפן אליין,
און איך בין נאָך אלץ ניט אין דר'היים;

אין שפיטאָל בא אַ בעטל כ'זיץ לאנג,
ווו אַ כאָווער געפערלעך איז קראנק...
און פון דאָרטן — פלינק, ווי אַ רייטער,
פלי איך ווייטער
צו דעם און צו יענעם — איין לויפן, איין גיין
און קאָן אלץ ניט קומען אהיים...

דאכט זיך, ווי יעדער איינער,
כ׳האָב אַ דירע, ווו אַלץ איז היימיש,
וואַרעם און ליכטיק,
און אַלץ, ווי מע זאָגט, איז דאָ,
נאָר אין דער היים בין איך קיינמאָל ניטאָ.

* * *

כירורגן, וואָס לייגן צו מענטשנס געזונט צו א פלייצע,
זײַט מויכל, וואָס ס'וויל א ניט־ווייסער אײַך געבן אן אייצע:
באַנוצט פון ניילאָן ניט קיין פעדעם,
וואָס שעמען אַזוי אין אונדזער יאָרהונדערט,
באַנוצט ניט ניילאָן באַם פאַרנייען א הארץ א פאַרוווּנדעטס.
א האַרץ א צעריסנס —
מיט פעדעם מיט אַנדערע דאַרף מען פאַרנייען, —
מיט פרייד פאַרנייען,
אַמאָל אויך פאַרנייען מיט ווייען...

## בריוו

אזוי ווי די פייגל, אף ניט צו פאַרזאַמען
איר פליט אין די הייכן, איר שווימט איבער יאַמען,
אין שנעלע עקספּרעסן, דורך לאַנגע עטאַפּן,
און גלייַך אינדערפרי אין דער טיר טוט איר קלאַפּן:
דאָס ווייַב האָט מיט מאַזל אַ צווילינג געבאָרן,
דער זון צו זייַן מוטער וועט קומען צו פאָרן,
דער טאַטע מיט פרייד גיט צו וויסן די קינדער:
אַ דירע באַקומען, אַ דירע אַ וווּנדער.

און זאָל זיך די ביטערע צייַט ניט אַ קער טאָן,
ווען קומען עס פלעגן אָט יענע קאָנוווערטן.
צי זעט איר, צי ווייסט איר, צי האָט איר געטראַכט עס, —
בריוועלעך קליינע, געשיקטע אָן מאַרקעס,
אַף ראַכוועסן ברייטע, אַף ענדלאָזע רוימען, —
אָ, וויפל איר האָט אונדז געמאַכט פאַר יעסוימים!
די טויזנטער־טויזנטער אויגן, כ׳קאָן שווערן,
זיי זייַנען ביז איצטער ניט טרוקן פון טרערן...

אין שנעלע עקספּרעסן — דורך לאַנגע עטאַפּן
מיט בסורעס נאָר גוטע אין טיר זאָלט איר קלאַפּן:
דאָס ווייַב האָט מיט מאַזל אַ צווילינג געבאָרן,
דער זון צו זייַן מוטער וועט קומען צו פאָרן.

## אז ווי איז צו יענעם...

ניט ווי איז צו יענעם,
ניט ווי איז צו יענעם,
וואָס איז עלנט, ווי א שטיין,
עלנט, ווי א שטיין,

ווי איז צו יענעם,
אז ווי איז צו יענעם,
וואָס פארלאָזט האָט זײַן היים,
פארלאָזט האָט זײַן היים...

ניט ווי איז צו יענעם,
ניט ווי איז צו יענעם,
וואָס האָט ניט קיין העמד,
האָט ניט קיין העמד,

ווי איז צו יענעם,
אז ווי איז צו יענעם,
וואָס לעבט אינדערפרעמד,
לעבט אינדערפרעמד...

## דײַגעס

א װעלט מיט דײַגעס מאכן שװער מײַן קאָפּ,
אָט װעלן זײ מיר ברעכן האלדז־און־נאקן.
זײ לאָזן אף קײן רעגע מיך ניט אָפּ,
כאָטש טויזנט מאָל זאָלסט בראָקן זײ און האקן.

גאנצפרי זײ רײַסן מיך ארויס פון בעט,
װען אנדערע עס כאפּן נאָך א שלאָף א זיסן,
און גלײַך אהין און גלײַך אהער מע שלעפּט,
װען ס׳איז אין זײ געװוּנדט, זײ װאָלטן
מיך צעריסן.

מיט אײניקע כ׳צערעכן זיך אפגיך,
נאָר אנדערע אף מײַנע פּלײצעס ליגן װי די שטײנער,
איך זע ניט, װי פון טאָג אנטלויפט די העלע ליכט,
א מידער כ׳קום אהײם מיט זײ אינײנעם.

ביז האלבער נאכט זײ מוטשען מיך, די שלעק,
כ׳װעל שרײַען גװאלד, זאָל זײַן געבוג שוין,
שײדים!
און טראכטן טראכט איך, גאָט מײַנער, װאָס
רײד איך,
איך װאָלט א טאָג אָן זײ ניט דורכגעלעבט.

# לידער וועגן לענינען

## א. צײַט

אַזוי פּאַשעט און פּראַסט מיט שאַלעם,
און טאקע
אונדז טײַער
דערפּאר,
פארזשמורעט די אויגן די שמאַלע,
קוקט לענין
פון קאלענדאר.

די בלעטלעך — זיי פליִען און פליִען,
די צײַט לויפט דאָך גיך, גיך...
נאָר קיין שטריך ניט פארלוירן אפילע
פון דעם אלעם באקאנטן געזיכט.

די צײַט אף קיין האָר אים ניט עלטערט,
אלע מאָל קוקסט זיך אײַן אינעם בליק:
דער קוק און דער שמייכל — דער זעלבער,
ווי מיט יאָרן מיט וויפל צוריק.

## ב. דער זייגער

אין דעם צימער, וווהין מע גייט און מע גייט,
ווי דער שטייגער,
פון עכטער באשיידנקייט באקומט דעם עמעסן זין,
צווישן אלערליי כפייצים ליגט א פּאַשעטער זייגער,
וואָס לענין פלעג זיך באנוצן מיט אים.

אין צעקאַ אף א זיצונג און צוגאסט צו די קינדער, אשטייגער,
מעג גיסן א רעגן, מעג קילן א פראָסט דאָס בלוט, —
ניט געלאָזט אף זיך ווארטן, אלע מאָל ווי א זייגער —
געקומען פינקטלעך, צו דער מינוט.

דער זייגער, ער גייט שוין ניט איצטער. די ווייַזערס
פארגליווערט, ליידער.
עס פרעגן זיך אָן די מענטשן: ווי קאָן מען אזוינס פארשטיין?
ניט עמעס! ניט עמעס! ניט אָפּגעשטעלט האָט זיך דער זייגער,
מיט פילבארן הארצן מע הערט זי, די צייַט, דאָ גיין...

מע גייט און מע גייט, און אהערצו מ׳וועט גיין קעסיידער —
די יונגע, די אלטע, פון נאָענט און פון דער ווייַט,
און לענין — ער איז פאר די מענטשן דער ריכטיקסטער זייגער,
לויט וועלכן מע מעסט זי, מע פרווט זי, מע רופט — די צייַט...

## ג. דער סובאָטניק אין קרעמל

גאַנץ מאָסקווע אַרויס אַף דער גאַס איז,
גאַנץ מאָסקווע, און לענין אויך,
און די זון קוקט פֿאַרכידעשט פֿון הייכן,
ווי לענין הייבט אוף אַזאַ מאַסע...

ס׳איז גרייט געווען יעדער
אָן שום טײַנע
אונטערשטעלן
ווער אַן אַקסל,
א פּלייצע ווער:
לענין טראָגט די מאַסע — ס׳איז אים שווער,
א קלייניקייט, דער מאָרגנדיקער טאָג אַף
פּלייצעס זײַנע...

## ד. פאר וועמען איז אָפן זײַן טיר

באַ לעניִנען האָט זיך קײנמאָל ניט צוגעמאַכט די טיר.
ווער איז צו לעניִנען ניט געגאַנגען? —
כאַדאָקעס פון טווער און פון סיביר,
רױטגווארדײער גלײַך פון פראָנט, מיט געווער באַהאַנגען.
ווער איז צו לעניִנען ניט געגאַנגען?
און פאר יעדערן איז שטענדיק געווען אָפן די טיר...

אפילע אַ קלײן קינד האָט געוווּסט צו לעניִנען דעם וועג;
באַ לעניִנען — אײן וואָרט: מע מעג... מע מעג... מע מעג...
עס מעג אַרײַנגײן ווער עס וויל אַהערצו... סײַדן
די פאַלשקײַט... אָט פאַר איר איז סײַ באַטאָג און סײַ באַנאַכט
באַ לעניִנען אין שטוב די טיר פאַרמאַכט,
ווײַל ער האָט קײנמאָל ניט געקענט זי לײַדן...

# פאָטאָגראפיעס

רעגעס, פארגליווערטע רעגעס,
וואָס רעגט איר מיך שטענדיק, בא זיך אליין
כ׳פרעג עס:
אָט זיצסטו אין וויגל,
זיך דערקענסט ניט מיסטאמע,
אזא יונגער דער טאטע, אזא יונגע די מאמע...
אָט דער, וואָס ער קוקט אף דיר צארט, מיט
א שמייכל,
ער איז ניטאָ שוין, גיטאָ שוין, בארעכן...
אָט דאָרט ביסטו דעמלט מיט קינדער געזעסן,
געדענקסט עס? — ניין, האָסט עס אוואדע
פארגעסן.
וואָס רעגט איר מיך שטענדיק, בא זיך אליין
כ׳פרעג עס, —
רעגעס, פארגליווערטע רעגעס.

## די גאָלדענע כאסענע

פופציק יאָר האָבן אָפּגעלעבט צוזאַמען
יוינע גלעזער און זײַן ווײַב סאָרע.
פופציק יאָר,
ווי איין טאָג,
אין פרייד און אין צאָרעס.
געשאָנקען פיר טעכטער דער וועלט
און אכט זין, קיין אײַנהאָרע,
און אזוי א יאָר נאָך א יאָר,
דאכט זיך, ניט צו גלויבן, —
ניט באמערקט: ווי א סטײַע פייגל איבערן דאך,
זײַנען די יאָרן אַדורכגעפלויגן...
פונקט ווי אמאָל, מיט פופציק יאָר צוריק,
פירט יוינע זײַן סאָרען בײַ דער האַנט,
נאָר דער קאָפּ איז עפּעס אראָפּגעלאָזט,
שווער יעדער שפּאַן,
און ביטער איז אפן הארץ, און פינצטער עס איז אין די
אויגן...
און אין איין ריי מיט זיי — די מעכוטענעסטע דווירע,
טאקע זי,
וואָס האָט מיט סאָרען דרײַ יאָר ניט גערעדט,
זיך צעקריגט — איר מיינט, איבער וואָס? —
איבער א צעבראָכענער פּאָקרעשקע, מישטיינסגעזאָגט...
הײַנט האָבן זיי זיך איבערגעבעטן, אף אלץ כאראָטע געהאט,
זיי האלטן זיך צוזאמען,

נאָר איינע דער צווייטער קוקט ניט אין פּאָנעם.
אָט גייען אלע פון כאָסנס צאַד:
מעכוטאָנים,
מעכוטאָנים,
מעכוטאָנים,
און אָט — פון דער קאַלעס צאַד:
בלייך,
אויסגעצערט,
בא אלע די קעפּ אַראָפּגעלאָזט אַצינדער.
און פון לינקס,
און פון רעכטס —
קינדער,
קינדער,
קינדער...

אָט גייט בערל קאָוועל מיט זײַן שטענדיק שלאָפער עטיען.
פאַר אלע סאָנים געזאָגט — די באָבע גאָלדע,
ווי געפּעלט עס אײַך? — מע האָט זי אויך פאַרבעטן...
צען יאָר, נעבעך, איז זי געלעגן געליימט, קען זי ניט גיין,
פירט מען זי — ניין, ניין! ווי א ניט־לעבעדיק באַשעפעניש,
האַלט מען זי אין איין שלעפּן...
אָט איז הערשל דער סטאָליער מיט די איבערגעבונדענע הענט,
געדאַליע דער גוואַר, אין זײַנע אויגן א פײַער ברענט.
אָט גייט די מישפּאָכע „קעפּ":
איצע קאָפּ,
בערל קאָפּ,
מעציע קאָפּ,
ציפּע קאָפּ.
וועלוול דער באַלעגאָלע מיט זײַנע צוויי מיידן, פאַרזעסענע ביזן ווײַסן צאָפּ.

און גלייב, ניט גלייב —
פעסיס דער דאָקטער, גלײַך ערשט פון א מיל אַרויס, ווײַס ווי א טויב.
דאָס גאַנצע שטעטל איז דאָ ביז איינעם,

ניט פארגעסן, כאָלילע, קיינעם.
שיקע דער בלינדער,
מוישע דער קרומער,
איציע דער שטומער, אפילע יאָסעלע דעם מעשוגענעם ניט פארגעסן.
ווי קען גאָר זײַן א כאסענע אָן אים?

ס׳איז א היץ, עס טריקנט אין האלדז.
ביטער,
ביטער,
ביטער־גאל.
פון לינקס און פון ר׳עכטס —
א זיפץ, א קרעכץ.
אָט פארקערעוועט מען צום וואלד.
— מאמע... — צעווײנט זיך מיטאמאָל א יינגעלע, — מיר איז עפּעס קאלט!..

— שא... שא... — שטילט אים אײַן די מאמע. און ווידער מע הערט:
א זיפץ, א קרעכץ.
און מע גייט, און מע גייט.
קוים וואָס מע גייט.
ווי קייטן די הענט, און די אויגן ווי גלעזערנע.
מענטשן! וואָס איז אזוי שטיל? ווו זײַנען די קלעזמער?
א כאסענע אָן קלעזמער...

שיקערע, אין די אויגן רעציכע ברענט,
גייען זיי, גייען זיי. די אווטאָמאטן גרייט אין די הענט.
זײַט רויק, זיי קענען גוט דאָס שטיקל ארבעט.
באלד וועלן זיי א שפיל טאָן. באלד וועט דער וואלד זיי דערהערן...
באלד וועט פריילעך ווערן...
דרײַ טעג און דרײַ נעכט האָט זיך די כאסענע געצויגן...
לאָמיר ווייבען און ניט אויסווישן די אויגן.

## מײַן מומע עסיע־לײיע

עסיע־לײיע...
אז איך טראַכט פון מײַן מומע עסיע־לײיע,
פיל איך גלײַך פון אירע געפילטע פיש דעם רײיעך.
און כ׳שלינג, ניט איך עס,
אירע באַלאַבעשקעס מיט קנאָבל,
אירע קנישעס מיט קעז
און אירע פלעצעלעך, וואָס אַליין אין מויל זיך צעגײיען...
איך דאַרף אײַך דערצײלן?
איר האָט דען קײנמאָל ניט געגעסן בא מײַן מומע עסיע־לײיע?

מענטשן, גוואַלד וועל איך שרײַען!
וווּ זײַט איר געוועזן,
ווען צו עסיע־לײיען איז אַרײַן דער גאַזלען אין א טאָג א שײנעם,
און געבליבן זײַנען באַר פיר הוילע ווענט,
און געבליבן איז בלויז אין האַרץ מײַנעם א קעלט...
דאַכט זיך, פינף און צוואַנציק יאָר אַדורך,
און ס׳צעגײיען זיך אַלץ ניט די געראָכן פון אירע מײַכאָלים
איבער דער וועלט...
און יעדעס מאָל, ווען כ׳שטעל מיך אָפּ לעם עסיע־לײיען,
פיל איך אַלץ פון אירע געפילטע פיש דעם רײיעך
און ס׳ליגט מיר אין טאַם
אירע באַלאַבעשקעס מיט קנאָבל,
אירע קנישעס מיט קעז

און אירע פּלעצעלעך, וואָס אין מויל זיך צעגייען.
נאָר ס׳שניידט אָן אַ מעסער באַם האַרץ, אין די אויגן טרערן שטייען,
עס טוט אזוי וויי, איך קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען.
עסיע־לייע, מײַן מומע עסיע־לייע, אַז אָך־און־וויי...
אצינד, ווען איר קומט צו איר ווינטער,
באגעגנט זי אײַך מיט א געראָטענעם קוגל,
געמאכט פון שניי...

און קומט איר צו מײַן מומע עסיע־לייען זומער,
גייט זי אײַך אנטקעגן מיט פריש געבעקס פון גראָזן פון
גרינע...

# מײַן טאַטנס ירושה

אָרעם ווי דער טויט,
האָט דער טאַטע מײַנער ס׳גאַנצע לעבן זײַנס אַ שטוב געבויט,
ניט פֿאַר זיך — די קינדער זאָלן האָבן אַ דירה.
און כאָטש געהאָרעוועט האָט ער מיט דער גאַלעריע
און נאָכגעגאַן איז שטענדיק אים די נויט,
האָט דער טאַטע די שטוב געבויט,
געבויט אַליין, מיט זײַנע אייגענע הענט
און מאַטעריאַל פֿאַר איר ניט געדאַרפֿט אַרײַנברענגען איך ווייס
פֿונוואַנען:

דעם פֿונדאַמענט האָט ער געמאַכט פֿון האָרעוואַניע,
און פֿון גוטסקײַט אויפֿגעשטעלט די ווענט,
און אַז, כאָלילע, ס׳זאָל ניט גיסן אויפֿן קאָפּ, ווי פֿון אַ צעבער,
האָט ער דעם גאַנצן דאַך געדעקט פֿון גאָלע ליבע...
אַ שטוב מיט טיר־און־פֿענצטער צו דער וועלט!
דאָס מאַזל בלויז האָט דאָרט געפֿעלט.

אַצינד דער טאַטע איז ניטאָ, שוין לאַנג ניטאָ,
נאָר זײַן שטוב — זי שטייט, די שטוב איז דאָ,
און מענטשן גייען דורך, זיך קוקן איבער:
— וואָס זאָגט איר אויף דער שטוב? באַ אַלע אונדזערע ליבע...
און יאָרן גייען, גייען שטיל און אומבאַמערקט,
און די שטוב, זי שטייט, שטייט פֿעסט אויף דער ערד,

די וואַרעמקייט פון אירע ווענט צעגייט זיך איבער דער וועלט,
אין אַלע זייטן,
זי ווערט, די שטוב, פאַר מיינע קינדער און פאַר מיינע קינדסקינדער
פאַרבלייבן.

# שיקע דער שטריקלדרייער

וויפל האָט שיקע, דער שטריקלדרייער
פאַר זײַן לעבן אָנגעדרייט שטריק —
איר שטעלט זיך פאָר?
טאָג־נאָך־טאָג,
קיין אײַנהאָרע ניט, פופציק יאָר
האָט ער זיי געדרייט, די שטריק,
אהין און צוריק די קלאַטשע געצויגן,
ווײ, וויפל שטריק האָבן דורכגעשווינדלט דורך שיקעס אויגן!

געווען איז ער ייִנגלווײַז
א לעקיש,
זאָל גאָט פאַר די רייד מיך ניט שטראָפן,
און דאָך —
ווי זי גייט און שטייט,
האָט ער די שיינע ביילקען
ניט אנדערש, ווי מיט שטריק, פאַרדרייט.
ווער איז נאָך ביילקען ניט באַכגעלאָפן!

בא שיקען האָט ביילקע אלע מאַנטיק און דאָנערשטיק געקינדלט:
נא דיר א ייִנגל,
און ווידער א ייִנגל...
אײַ, איז ביילקע א קעכן געווען —
גאָלדענע הענט!
וואָס־וואָס, קאָכן האָט ביילקע געקענט.
ביילקע מאכט אן עסיק־פלייש אן אנטיק.

זי מאַכט אים, מיינט איר, פון וואָס? —
פון א שטריק.
איר עסטביילקעס א קוגל און ווערט מאמעש אנציקט.
זי מאכט אים, מיינט איר, פון וואָס? —
פון שטריק.
א העלדזל א געפילטס מאכט ביילקע גיך און געשיקט.
פון וואָס? — אוואדע פון שטריק.
א האָמענטאַש צו דער שכיינע זי שיקט.
זי מאַכט אים פון קלאָטשע, פון שטריק.
א פלאָדן — פון שטריק,
א שטרודל — פון שטריק,
א צימעס — פון שטריק,
א געבראָטנס — אויך פון שטריק.
האקלאל — א גליק...

און שיקע האָט זיי געדרייט, די שטריק,
געצויגן די קלאָטשע אהין און צוריק,
אליין ניט באמערקט, ווי פארפלויגן געוואָרן
בא שטריק און בא קלאָטשע עס זיינען די יאָרן.

איין זון איז בא אים שוין אן אינזשעניער,
א דאָקטער געוואָרן א צווייטער,
דער — א יוריסט, א לערער — דער,
דאָס הארץ פרייט אים.

און מיטאמאָל די מילכאָמע! —
מיט אלע זין אים אף אייביק צעשיידט.
און ער —
די שטריק האָט געדרייט,
געפלאָכטן שטומערהייט,
זיין אייגענעם צאר און דעם צאר פון דער וועלט
פארפלאָכטן,
ארויסקוקן אף עפעס א נעס פארשפאָרט שוין.
פיר זין די מילכאָמע ניט אומגעקערט האָט אים צוריק,

ניט אומגעקערט צוריק...
זײַן ביילקע — געשטאָרבן, ניט דערלעבט צום זיג.

נאָר דער זיג איז געקומען
פאר שיקעס אויגן.
מיט שטריק מ׳האָט באצאָלט דעם סוינע פאר אַלץ,
וועך אפן פלאץ,
בא דער טליע,
מע האָט פארצויגן
זײַנעם א שטריק
אן „עסעס״
אפן האלדז.

# א מאָשל מיט בארן

גייט דינציע אהיים פון מארק,
עס ציט זי אהיים גאָר פּאַשעט —
דער קאָשעק איז שווער ווי א בארג,
קוים וואָס זי שלעפּט דעם קאָשעק.

איר פּאָנעם פארשוויצט איז, בּאָס,
עס קריכט פונעם קאָפּ די פּאַטשיילע.
באגעגנט זי אפן גאס —
מיינט איר ווער? עסטער־ביילען!

„אוי, ביילעניו, שטיי, ניט לויף.
א מארק זאָג איך דיר! האלב אומזיסט גאָר!
זע, שמאַלץ־בארן האָב איך געקויפט,
דו פארזוך נאָר א באר אומיסטן!"

און ווידער מאכט עטלעכע טריט,
פארקערעוועט אין איר געסל,
און נא דיר, זי שטייט שוין צוריק,
זי שמועסט מיט דער מומע פעסל.

„א מארק היינט, מומעניו, איר הערט?!"
און דינציען ווערט ניט דערעסן,

זי בעט זיך: „פּרוּווט נאָר א באר, איך שווער —
איר האָט נאָך אזוינס ניט געגעסן"...

דאנקען גאָט, זי גייט שוין אוועק,
שלעפּט זיך ווײַטער מיטן קאָשעק,
און מיטאמאָל — אינמיטן וועג
באגעגנט זי עסטער־דוואָסיען...

און שטעלט זי נאָר עטלעכע טריט,
און נא דיר — די באָבע שפּרינצע!
„גייסט פון מארק? עפּעס א שיינער יאריד?"
— — — — — — — — — — — — —
אך, דינציע, דינציע...

ענדלעך, דאָס געסל אדורך,
קוים זיך דערשלעפּט, דערקראָכן —
פאלט זי ארײַן מיטן קאָשעק אין שטוב,
מיד און אינגאנצן צעבראָכן.

„דינציע! — באגעגנט דער מאן זי באם שוועל. —
כ'האָב שוין געוואָלט נאָך דיר לויפן...
דאנקען גאָט, ס'איז דער זייגער שוין צוועלף,
מ'האָט געקאָנט שוין א וועלט, דאכט זיך, קויפן".
„אוי, פרעג ניט, מײַן טײַערער, — זי אָטעמט
קוים, —
א מארק האָב־און־גוטס, וואָס א הארץ קאָן
נאָר גארן.
איך האָב דאָרט אזעלכע בארן געקויפט!
איך וויים דאָך, האָסט ליב בארן!.."

פאָרעט זיך איר מאן אינעם קאָשעק מיט פלײַס,
זוכט און זוכט, און די ליפּן ער בײַסט.
וואָס איז די סיבע פון דעם? גאָר פּאַשעט:
ניטאָ קיין איין באר בא דינציען אין קאָשעק.

# באלאדע וועגן גליק

כ׳בין געגאן און געגאן...
פיס זײַנען בא מיר יונגע,
פיס זײַנען בא מיר געזונטע,
אין די אויגן א פײַערל פלאמט.
באגעגן איך א זאָקן,
א גרײַז־גרויען זאָקן
מיט א שטעקן אין דער האנט.
פרעג איך אים, א צעהיצטער, איך אָטעם קוים:
— זיידע, דאָס גליק מײַנס כ׳בין נאָך ניט דורכגעגאן?
ענטפערט דער זיידע:
— ניט דורכגעגאן, קינד מײַנס, ניין.
גיי, וועסט דאָס גליק דײַנס געפינען אליין!
גיין וועסט אף לינקס, און א קאפּל אף רעכטס,
פארקערעווען אהין און פארקערעווען אהער,
קריכן איבער א בארג, ארײַן ווידער אין טאָל,
איבערשווימען א טײַך, און אין א פעלד ווידעראמאָל,
זיך דראפּען אף א פעלדז, לויפן איבער א בריק,
און ווידער אהין, און ווידער צוריק.
גיי, גיי, מײַן קינד! קיין קויכעס שפּאָר ניט...

איר פארשטייט עפּעס?
איך — גאָרניט.

בין איך געגאן און געגאן,

געגאַן און געגאַן.
פיס זײַנען נאָך בא מיר יונגע,
פיס זײַנען נאָך בא מיר געזונטע,
אין די אויגן נאָך ס׳פײַערל ברענט.
באַגעגן איך א זקנה,
א גרײַז־גרויע זקנה,
מיט א קוישל אין די הענט.
פרעג איך זי, א צעהיצטער (אינגאַנצן נאַס אַף מיר דאָס העמד):

— זאָג מיר, טײַערע מאמע,
צום גליק איז נאָך ווײַט פונדאַנען?
האָט זי זיך פארכידעשט סטאַם:
— נאָך ניט געפונען דאָס גליק, יונגערמאַן?
גייך וועסט אַף לינקס, און א קאַפּל אַף רעכטס,
פארקערעווען אהין און פארקערעווען אהער,
קריכן איבער א בארג, אַרײַן ווידער אין טאָל,
איבערשווימען א טײַך, און אין א פעלד ווידעראַמאָל,
זיך דראַפּען אַף א פעלדז, לויפן איבער א בריק,
און ווידער אהין, און ווידער צוריק.
גיי, גיי, יונגערמאַן, קיין קויכעס שפּאָר ניט...

איר פארשטייט עפּעס?
איך — גאָרניט.

גיי איך און גיי,
גיי איך און גיי.
אַף מײַן קאָפּ איז אויסגעפאלן געדיכט א שניי,
און די פיס זײַנען מיד, שטארק מיד,
א שווערקײַט, א שוואַכקײַט אין יעדן גליד.
זעץ איך א מידער זיך צו בא א וועג,
זע איך, א יינגעלע שפּילט זיך.
איך פרעג:
— קינד מײַנס, צום גליק איז נאָך לאַנג?
הייבט ער אוף די אויגן צו מיר, מאָלע־כײַן,

און א שמייכל, ווי צוקער, צעגייט אף די ציין.
דערנאָך דעם ייִנגעלע טוט עפּעס באַנק,
און ער פרעגט מיך פאַרכידעשט, ווי א קינד נאָר קען:
— זיידעניו, האָסט נאָך דאָס גליק ניט געזען?
דו ביסט דאָך עס דורכגעגאַן, זיידע, שוין לאַנג...

זיץ איך א מידער אזוי אף א באַנק,
און ווידער דעם וועג גיי איך דורך אין געדאַנק.
אָט גיי איך אף לינקס, און אָט גיי איך אף רעכטס,
פאַרקערעווע אהין און פאַרקערעווע אהער,
גיי צוריק אף א באַרג, לויף צוריק אף א בריק,
און ווידער אהין, און ווידער צוריק,
אפּסנײַ אף א פעלדז, אין א טאָל פונדאָסנײַ,
און ס'ווילט זיך ניט גלייבן, אז דאָס גליק איז פאַרבײַ.

# א מײַסעלע וועגן נעכטיקן טאָג

נאָך דער יויך און דעם געבראָטנס
איז דער מעלעך צוגעזאָטן
צו דעם וויגשטול און האָט שווער
זיך געהוידעט הין און הער.
ס׳זאָל גאָר קומען אפֿן זינען,
וואָס א האר קאָן זיך פֿארגינען,
וואָס אין לעבן גייט אים אָפּ, —
וואָס א מעלעך ליגט אין קאָפּ!
מיינט איר וואָס? אינמיטנדערינען
האָט דער ראָש פֿון דער מעדינע
אויסגעבלאָזן פֿול־און־פֿויל
קוים א גענעץ פֿונעם מויל.
און דערנאָך זיך אויסגעצויגן,
צוגעמאכט די אלטע אויגן,
און, בימכילע, ווי א שאָף
דער אדויני מעלעך שלאָפֿט...
די מעדינע כאַפּט א ציטער:
לעבן מעלעך טויזנט היטער,
מיט קלייזײַען — ביקס און שפּיז —
פֿון דעם קאָפּ און ביז די פֿיס.
צוגעשלאָסן אלע טירן,
ס׳זאָל, כאָלילע, נית פּאסירן,
ס׳זאָל, כאָלילע, ווייס איך ווען,
נית געשען, וואָס קאָן געשען...

און אין שלאָף דערזעט דער מעלעך
(כ׳וועל דערציילן אײַך פּאַמעלעך),
זײַן מעדינע ברייט און גרויס
פאַר די אויגן שפּרייט זיך אויס.
בלוט און שווייס זיך גיסן טײַכן,
ס׳ווערט דער מעלעך רײַך און רײַכער,
און געהאָרכזאַם טעג און נעכט
קניִען־מיִען זיך די קנעכט.

דאָרף געשען און דאָרף זיך טרעפן:
ס׳טוט די טיר זיך אַ צעעפן,
ווי געווײַנלעך, האַסטיק שנעל —
אַ שאַליִעך אויף דער שוועל!
און זײַן צונג איז ווי צעבראָכן,
ווײַל קיין גוטס האָט ניט געטראָפן.
ער צעוויקלט און באַווײַזט
אַ פּאַפּיר, וווּ שוואַרץ אויף ווײַס
שטייט געשריבן: „רויבער, הערט!
מירן מער ניט זײַן קיין קנעכט!
אויס מיט האַכקעס, אויס מיט בויט!
גיט אונדז פרײַהײַט! גיט אונדז ברויט!״
ווערט דער מערדער רויט און רויטער,
ווערט דער ראָשע טויט פון טויטער:
סאַראַ רייד די מוירדים שיטן!
ווי מע דראָ׳ט, זאָל גאָט באַהיטן!
זינט עס גייט און שטייט די ערד,
נאָך אַזעלכעס ניט געהערט...

און פון אַלע זיבן זאַכן
דאַרף זיך טרעפן, דאַרף זיך מאַכן:
ס׳גיט דער מעלעך זיך אַ דריי,
זיך אַ דריי און אַ געשריי:
— וואָס איז דאָס? ווער טוט מיך וועקן?
כ׳וועל אײַך ווײַזן באַלד דעם שטעקן!

אויב פאַר ואײַך איז נאָך ניט קלאָר —
גייט צו אַלדי שוואַרצע יאָר!
טוט דער עלטסטער פון דער סוויטע
פאַרן מעלעך שטאַרק אַ ציטער,
און ווי הויך און גרויס ער איז,
טוט אַ פאַל אים צו די פיס:
— אָ, דו מעלעך, הער אונדז אויס,
די געפאַר איז זייער גרויס!..
דאָס פאַפיר ער טוט אַ ווײַז,
טוט אַ ווײַז דאָס שוואַרץ אויף ווײַס...
קוקט דער מעלעך, רײַבט די אויגן:
ס׳איז אַ כאַלעם גאָר פאַרפלויגן!

— וואָס מעדינע, ווער מעדינע,
איר זײַט אַלע פונעם זינען!
ס׳קאָן ניט זײַן, ס׳איז ניט געווען,
ס׳קאָן אַזעלעכס ניט געשען!

נאָר די דינער, וואָס דערונטער,
אין איין קאָל אים זאָגן אונטער:
— האָסט אין כאַלעם עס געזען,
דאָס איז נעכטן דאָך געווען!

ווערט דער מעלעך — בייזע ווונדן,
ווי אַ פײַער אָנגעצונדן:
— נעכטן, נעכטן... זאָל זײַן נעכטן...
ניט מיט גוטן, איז מיט שלעכטן! —
און ער שרײַט, מאַכט מיט די הענט,
די רעציכע אין אים ברענט.

טוט דער אייבערשטער פון שטייסל
זיך אַ בייג און נעמט אים טרייסטן:
— מעלעך, כ׳וועל דעם נעכטן ברענגען,
און אויב ניט, זאָלסטו מיך הענגען!

קאָנסט מיר אָפּהאַקן דעם קאָפּ,
אויב, מײַן מעלעך, כ׳נאַר דיך אָפּ...

און דער מעלעך — בייזע ווונדן,
האָט זיך ווידער אָנגעצונדן,
פלאַם און פײַער, פלאַם און פײַער —
א באַפּעל דעם גאַנצן כאָיל,
א באַפּעל — אַן איימע פאַלט,
אַז עס ווערט אי הייס, אי קאַלט:
— שינדן, צינדן, הענגען, שעכטן, —
ברענגען דריגגענד מיר דעם נעכטן!
— רעכט! — עס שרײַען אַף א קאָל
אַלע זעלנער מיטאַמאָל.

און דער אייבערשטער פון שטייסל
גיט א נייג זיך און א טרייסל,
אין א רעגע — איינס און צוויי,
שטייען אַלע אין א ריי —
ביקס צו ביקס און שפּיז צו שפּיז
פונעם קאָפּ און ביז די פיס.
און מע גייט. נאָך וואָס? — זיי ווייסן,
וואָס דער מעלעך האָט געהייסן...

שטייען קינדער אַף די וועגן,
לויפן קינדער זיי אַנטקעגן,
און עס ווערט אַזאַ מין ראַש,
אַזאַ ראַש, אַזאַ קאַראַש...
און דער עלטסטער, וואָס פון פאָרנט,
שרײַט און וואָרנט, שרײַט און וואָרנט:
— ווער עס ווייסט און זאָגט ניט אויס,
וווּ ס׳באַהאַלט זיך נעכטן אויס,
זאָל ניט מיינען, זאָל ניט האָפן —
ס׳וועט דער מעלעך שטרענג אים שטראָפן!

לאכן קינדער: — וועלכער נעכטן?
סארא נארישקייט, בארעכן?..
ניט געהערט און ניט געזען,
ס׳זאָל אזא מין זאך געשען.

טוט דער אייבערשטער פון שטייסל
גלייך א נייג זיך און א טרייסל —
און, דערציילן אייך, דער ראָשע
טוט א לייג אוועק א דראָשע
מיט אזא מין האס און קאס,
אז עס הערט די צענטע גאס:
— כ׳וועל אייך, שיידים, וויזן וויצן,
פאר די וויצן בלוט וועט שפריצן!
פאר די רייד אזעלכע מיעסע
כ׳וועל אין קייטן אייך פארשליסן
און פארשיקן, ניט געשפאסט,
וווּ דער שווארצער פעפער וואקסט!

דאָ דארף טרעפן: ס׳קומט א יונג,
טוט א פייף און טוט א שפרונג,
ווידער — פינגער צוויי אין מויל,
ווידער פייפט — ס׳פאלט אָן א גרויל!
און אין איין מינוט, אָן שפאס,
א האמוין פארפולט די גאס,
אלע שלעגער דאָ — ביז איינעם,
ווער מיט העק און ווער מיט שטיינער,
ווער מיט דאָס און ווער מיט יענץ:
— ווי געפעלט אייך? שרעקט די גענדז...
— ווי געפעלט אייך? מיינט, ס׳איז נעכטן...
— זעט, ניט אויסגיין זאָל צום שלעכטן!
גייט מיט גוטן גלייך אוועק,
אויב איר ווילט נאָר זיין מיט קעפ!
און פארשרייבט אייך אפן שטערן:
ס׳וועט דער נעכטן זיך ניט קערן;

איר זאָלט זײַן מיט קעפּ מיט צען,
װעט אַזעלעכס ניט געשען...

האָט דער ראָשע שלעכט דערפילט זיך,
האָט דער ראָשע אָפּגעקילט זיך,
טאָמער װאָס און טאָמער װען —
גאָט באַהיט, ס׳זאָל ניט געשען...
און בעקיצער, ס׳האָבן היטער
צו דעם האַר געלאָזט זיך װידער.
און דער מעלעך האָט געהייסן:
— ברענגט דעם אייבערשטן פון שטייסל!
שװאַרץ דער דראַנג איז און פאַרװיסט,
טוט אַ פאַל אים צו די פיס,
טוט אַ פאַל — די שרעק איז גרויס,
אין איין אָטעם שיסט ער אויס:
— אָ, מײַן מעלעך, קאָנסט באַשליסן,
קאָנסט מיך הענגען, קאָנסט מיך שיסן,
קאָנסט מיר אָפּהאַקן דעם קאָפּ,
הענגען מיטן קאָפּ אַראָפּ...
װערט דעם מעלעך מלאַסנע, הייס,
אים באַגיסט אַ קאַלטער שװייס,
און ער װייסט ניט װאָס צו קלערן,
װאָס צו טאָן, װוּהין זיך קערן,
װאָס צו קלערן, װאָס צו טאָן...
ערשט די מײַסע הייבט זיך אָן.
ביז באַגין װישט אויס די שױבן —
מאַכט ער שוין ניט צו די אויגן,
ברעכט דעם קאָפּ זיך, קלערט און טראַכט,
און עס גיט זיך אים אַ דאַכט:
אָט פאַרבינדט מען אים די אויגן,
אָפּן האַלדז אַ שטריק פאַרצויגן,
און מע שטעלט אים צו דער װאַנט,
און —
הויל און בלויז, זיך ניט געשעמט,

פארלאָרן דעם פארשטאנד,
איז אנטלאָפן און איין העמד.
און ביז איצט, איך דארף אײַך זאָגן,
לויפט ער, ווו די אויגן טראָגן...
נו, און ווײַטער? דאָס איז קלאָר אײַך,
און דערציילן איך פארשפאָר אײַך,
איך פארשפאָר, ווײַל, ווי דאָסטראָוו,
יעדע מײַסע האָט איר סאָף...
סאָף איז סאָף, נאָר הערט א מײַסע:
ס׳בלײַבט די מײַסע דאָך א מײַסע.
וועט איר פרעגן — וואָס און ווען,
וואָס און ווען און ווו געשען?
האָט געדולד, איך קאָן אײַך שווערן —
בלײַבן בלײַבט אײַך נאָר צו הערן:
ערגעץ דאָרטן, ווײַט פונדאנען,
ווי איר שטויסט זיך אָן מיסטאמע,
ברידער, אייגן בלוט, און דאָך
אײַנגעשפאנט און שווערן יאָך.
רויבער שינדן, רויבער שעכטן,
רויבער מיינען, ס׳איז זיי נעכטן,
רויבער מיינען...
נאָר אומזיסט:
כאָטש מע הענגט און כאָטש מע שיסט,
וועט ניט העלפן זיי, די מערדער,
מעכטיק ס׳קאָל קלינגט אף דער ערד הײַנט:
אויס מיט דאכקעס, אויס מיט נויט!
גיט אונדז פרײַהײַט! גיט אונדז ברויט!
ס׳שלאָגט די שאָ, עס גייט די צײַט,
ס׳גייט די צײַט — זי איז ניט ווײַט!
ניט קיין מײַסע איז עס — וואָר,
וואָר, וואָס איז שוין יעדן קלאָר,
און אין דעם עס איז פארבאָרגן
ניט דער נעכטן,
נאָר דער מאָרגן.

# גיכע הילף

ברייט און צעוואָרפן די גאסן די שיינע,
די גאסן די ריינע — מיט זיבעצן כיינען.
עס ציט זיך די שטאָט ווי דאָס אויג טוט נאָר קלעקן:
אלטע זאסטאווועס און נײַע פּראָספּעקטן,
קראָמען און קראָמען און טירן און טירן,
ניטאָ אף דער גאס ווו א נאָדל פאַרלירן.
לויפן טראָלייבוסן, לויפן טראַמוויַען —
אָט זיך באַוויזן, און אָט שוין ניט סטײַען.
אײַלנדיק שנעל, אין איין אָטעם — א פלי
בלויע און גרויע און גרינע טאקסי,
לײַכטע אווטאָ און טראַמוויַען באַקוועמע —
ס׳דאַכט, אז צו דעם וועט קיין סאָף גאָרניט נעמען.
ווער אף דער ארבעט עס אײַלט זיך, ווי שטענדיק,
ווער ס׳פּאָרט אהיים — שוין די ארבעט געענדיקט,
ווער מיט א רענצל און ווער אָן א רענצל,
ווער אפן באַן און ווער אף א טענצל.
געמיטלעך, געלאסן מע קוקט אין וויטרינען.
נאָר וואָס איז געשען? — א סירען מיטנדרינען...

עס גייט א מינוט — קיין מינוט ניט אריבער,
מאשינען פאַרבלײַבן א רעגע פאַרגליווערט.
די פוסגייער — יונגע און אלטע — קיין טראָט ניט,
ווײַל דורכגיין געפערלעך עס איז און פאַרבאָטן.

זי וועקט, די סירענ, עס קאָן רירן א טויטן:
ס'איז ווײַס די מאשין, און דער קרייץ איז א רויטער.
זאָגט, וואָס איז געשען? זאָגט, וואָס איז פארלאָפן?
זאָגט, וואָס האָט אינמיטנדערין דאָ געטראָפן?
עפשער דער באָבען — בא אכציקער יאָרן —
אינמיטן דער גאס איז ניט גוט איר געוואָרן...
צי עפשער א מענטשן, פארשײַט און פארטראכט,
פארקלעמט א מאשין האָט, פאר אײַך ניט געדאכט?

און ווידער טראָלייבוסן, ווידער טראַמווײַען —
אָט זיך באוויזן, און אָט שוין ניט סטײַען.
אײַלנדיק שנעל, אין איין אָטעם — א פלי
בלויע און גרויע און גרינע טאקסי.
נאָר אָט מיטאמאָל, גאָר אינמיטנדערינען
א נײַע סירענ איז אראָפ פונעם זינען!
עס גייט א מינוט — קיין מינוט ניט אריבער,
און ווידער מאשינען עס בלײַבן פארגליווערט,
און פוסגייער — יונגע און אַלטע — קיין טראָט ניט.
זאָגט, וואָס איז געשען? עס איז ווידער פארבאָטן?
א ריס און א בלענד און, ווי פײַל־אויסן־בויגן,
רויט, ווי א פלאם, א מאשין דורכגעפלויגן,
און נאָכאמאָל — איינע, און ווידער — א צווייטע,
און יאטן אין העלמען בא ראנדן בא ברייטע.
זאָגט, וואָס איז געשען? זאָגט, וואָס איז פארלאָפן?
איר ווייסט עפשער, וואָס עס האָט דאָרטן געטראָפן?
מיסטאמע געײַלט האָט זיך העסל צי פעסל,
פארגעסן אין קיך אויסצושליסן דאָס פרעסל?
צי עפשער א קינד האָט אזוי אין א שפאס
געשפילט זיך מיט פײַער כאָלילע־וועכאס?

א רעגע איז דורך, און דער וועג איז א פרײַער,
און ווידער טראָלייבוסן, ווידער טראַמווײַען.
אײַלנדיק שנעל, אין איין אָטעם — א פלי
בלויע און גרויע און גרינע טאקסי.

עס ווימלען די גאסן — די פלעצער די ברייטע,
די שטאָט איז צעהוידעט — פון איין עק אין צווייטן.
און פלוצעם דיר — סטאָפּ, און ווידער קיין טראָט ניט,
און גיין איז פארבאָטן, און פאָרן פארבאָטן.
ס'איז עפּעס געשען? עס איז עפּעס פארלאָפן?
ס'האָט עפּעס געפּערלעכס דאָ נאָענט געטראָפן?
נו, דארף זיך עס טרעפן, נו, דארף זיך עס מאכן.
אז אלטע לײַט לאכן און יונגע לײַט לאכן:
— זעט נאָר: א מיידעלע, גרויס ווי א גענעץ,
זי לויפט א צעטומלטע, ווייסט ניט קיין גרענעץ...
די צעפּלעך די בלאָנדע צעלאָזט שוין איגנאנצן:
איר ליאלקע — אַן אומגליק! — האָט אופגעהערט טאנצן...
האָט אופגעהערט טאנצן! דאָס קעפּל פארוואָרפן...
אוי, ווי מיר, מײַן קינד, ס'האָט אן אומגליק געטראָפן...
עס שטייען מאשינען, און פוסגייער ווארטן,
און אלע דאָ וועגן דעם מיידעלע טראכטן.
— די הילף איז א גיכע? א גיכע הילף?
די גאנצענע גאס — איז געוואָרן פארהילכט.
שאט, זאָרגט זיך ניט, טאטעס, שאט, זאָרגט אײַך ניט, מאמעס,
די הילף איז א הילף, און א גיכע מיסטאמע...

# יאָ אָדער ניין?

ווו איז געשעען
איך ווייס ניט אליין,
עס האָט זיך באגעגנט
דער יאָ און דער ניין.

צי איז א געדאנק
פאראנען דערין:
דער יאָ שרײַט „אהער",
און דער ניין שרײַט „אהין".

צי גלײַך איז, צי קרום,
צי גוט איז, צי שלעכט —
זאָל מען זיי פּאסקענען,
ווער ס'איז גערעכט.

ארויס פון פעלד
און ארײַן אין א וואלד,
ארײַן אין א וואלד,
און ארײַן איז א גוואלד.

מע טומלט, מע ראשט,
עס איז שווער צו דערגיין:
דער ווינט שרײַט אלץ „יאָ",
און די ביימער אלץ „ניין".

גייען זיי ווייַטער
אזוי זאלבעצווייט,
גייען זיי ווייַטער
דורך לענג און דורך ברייט.

אָט איז א דאָרף,
און א קוזניע דאָרט שטייט,
האָבן זיי ביידע
מיט איר זיך דערפרייט.

צעעפנט די טיר,
אריַין, צי ארויס,
עס בלאָזט זיך דער בלאָזזאק,
דאָס פייַער איז גרויס.

די פונקען — מעכייַעדיק,
שיין — מאָלע־כיין,
דער האמער שרייַט „יאָ",
און דאָס אייַזן זאָגט „ניין".

לאָזן זיי ווייַטער
זיך גיין זאלבעצווייט,
גייען און גייען
דורך לענג און דורך ברייט.

אוועק איז דער טאָג,
און עס פאלט צו די נאכט,
און ס'האָט אין א יישעוו
זיי ביידן געבראכט.

דאָרט אין א שטיבל
פארלעשט מען די שייַן,
לאָזן זיך ביידע
אין שטיבל אריַין.

מע עפנט די טיר:
אַרײַן? צי אַרויס?
אַף בעטן אַף ברייטע
שלאָפט קליין און שלאָפט גרויס.

טיק־טאַק אין דער שטילקייט
דער זייגער, ער גייט!
אוי, האָבןביידע
מיט אים זיך דערפרייט! —

ווער־ווער, באַר דער זייגער
(מע גיט אים אָפּ רעכט),
דער זייגער וועט זאָגן,
ווער ס׳איז גערעכט!

נאָר וואָס איז געשען?
פארכידעשט זיי שטיי׳ן:
דער ווײַזער זאָגט „יאָ״,
און דער אומרו זאָגט „ניין״.

גייען זיי ווידער
אזוי זאלבעצווייט,
גייען זיי ווײַטער
דורך לענג און דורך ברייט.

דאָס פעלד — אָן א סאָף,
און דער וואלד — אָן אן עק,
דער וועג — אָן אן ענד,
און דער יאם — אָן א ברעג...

און עפשער דערפאר
צווישן יאָ אָדער ניין
ביז היינטיקן טאָג
מוז א פרעג־צייכן שטיין...

* * *

כ׳בין איינער אליין, מײַן קלייזײַען — מײַן פּען — איז מיט מיר,
עס שעפּטשען די ליפּן, איך האלט אין איין שפּרײַזן.
אָט־אָט אף דעם פּעלד פון פּארשנייטן פּאפּיר
וועט די ליד זיך באווײַזן...

שטילער, שטילער, די ליד, כאַלילע, דערשרעקן מע קען,
איך הער אירע טריט, כ׳דערקען יענע קלאנגען,
א שאָס, ביין, א סקריפּ פון דער פּען —
און די ליד איז געפאנגען.

# אינהאלט

## 1. ס׳וועט מאָרגן זײַן א שיינער טאָג

## 2. זיס און ביטערס



## 3. מינוט פון שווײַגן

## 4. עס שטייען פעסט די ווענט

## 5. ייִכעס



## 6. מײַסעדיק

*Давид Семенович Бромберг*

ГОД ЗА ГОДОМ

*(На еврейском языке)*

М., «Советский писатель», 1977, 160 стр.
План выпуска 1977 г. № 299.
Художник В. И. Левинсон
Редактор А. Ю. Гонтарь
Худож. редактор Е. Ф. Капустин
Техн. редактор И. М. Минская
Корректор А. Б. Стрельник

ИБ № 795

Сдано в набор 27/VIII 1976 г. Подписано к печати 30/XI 1976 г. Формат 70×108 1/32. Бумага тип. № 1. Печ. л. 5. Усл. печ. л. 7. Уч.-изд. л. 3,67. Тираж 1200 экз. Заказ № 706. Цена 45 коп. Издательство «Советский писатель». Москва Г-69, ул. Воровского, 11. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном Комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.